**פּטור'ן דעם חמץ.** מען קומט אַ היים פֿון דער אַרבייט ביי נאַכט. **מען צינדט אָן אַ שטיקל ליכט.** מען זוכט אויפֿן טיש, אין אייווועלע און אונטערן אייווועלע, אויף די פּאָליצעס און אונטער די פּאָליצעס און אין אַלע ווינקעלעך, אפֿשר האָט זיך ערגיץ וואו פֿערוואַלגערט אַ שטיקעל **חמץ**... צו פֿערטרייבען דעם הונגער. געפֿינט מען ניט – נעמט מען די פּוסטע צוקאָפּענס און מען לעגט זיך שלאָפֿען. געפֿינט מען צופֿעליג יאָ לאָזט מען "**כל חמירא וחמיעא דאיכא ברשותי**" און מען עסט דאָס אויף מיט איין אָטעם ווי די עשרת בני המן, אַז עס בלייבט ניט איבער אַ פּיץ און דאַן זאָגט מען:

די דריטע קשיא איז: זיי טוהן גאָר ניט און טראָגען די טייערסטע קליידער און מיר האָרעווען ווי אָקסען און האָבען ניט אַ העמד אויפֿ'ן לייב? די פֿיערטע קשיא איז: זיי עסען אָב אַ גוטען מיטאָג. טרינקען אַ גוט גלאָז וויין און לעגען זיך שלאָפֿען אין אַ ווייכען וואַרימען בעט, און מיר זענען "**כלנו מסבין**" – מיר שפּאַרען זיך נור צו אין אַ ווינקעלע אויף אַ זאַק פֿון שטרוי, כדי מיר זאָלען באַלד ווידער אויפֿשטעהן צו דער אַרבייט. טאַטע ענפֿער'זשע מיר אַ תירוץ אויף אַלע פֿיער קשיות! (דער טאַטע פֿערטראַכט זיך אַ ווײַלע, קראַצט זיך אין קאָפּ דערנאָך ענפֿערט ער): דער תירוץ, מיין קינד, איז אַזוי:

**הא לחמא עניא.** אָט אַזוי עסט מען און אַזוי ווערט מען פֿערשוואַרצט אויף דער וועלט, דעם גאַנצען טאָג האָרעוועט מען און, אַז מען קומט ביי נאַכט אַ היים איז ניטאָ וואָס איבערצובייסען. דאָס ווייב שלאָפֿט. די קינדער שלאָפֿען! האָבען זיי שוין געגעסען? ווער ווייסט? געפֿינט מען עפּיס אין אייווועלע – איז דאָס עסען קאַלט און איבערגעשטאַנען – נור אַ בויך-וועהטאָג. אַך-אַך! **השתא הכא,** איצטער האַלט דאָס אַזוי ווייט, **לשנה הבאה** – ווייסט דער טייוועל ווי אַזוי עס וועט זיין...

**די פֿיער קשיות.** טאַטע איך וועל דיך **פֿרעגען** פֿיער קשיות. די ערשטע קשיא איז: **מה נשתנה,** מיט וואָס זענען מיר ערגער פֿון שמואל דעם פֿאַבריקאַנט, פֿון מאיר דעם באַנקיר, פֿון זרח דעם מלוה, פֿון שבתי דעם פּאַסקאַרזש, פֿון ר' טאָדרים דעם רב? זיי טוהן גאָר ניט און האָבען צו עסען און צו טרינקען, סיי ביי טאָג, סיי ביי נאַכט, כאָטש הונדערט מאָל און מיר האָרעווען מיט אַלע אונזערע כחות דעם גאַנצען טאָג און ביי נאַכט האָבען מיר ניט צו עסען, אפילו איין מאָל אויך ניט? די צווייטע קשיא איז: זיי האָבען גרויסע פּאַלאַצען. אויסגעפּוצט און איינגעריכטעט מיט אַלע ווינאָלעס. פֿיעל שעהנע צימערן שטעהען גאָר ביי זיי ליידיג. און מיר ליגען צוזאַמענגעשטיקט אין אַ לאָך און מען וויל אונז פֿון דאַנען אויך אַרויסוואַרפֿען?

## בדיקת חמץ וביעור חמץ

בלילה שלפני ערב פסח **בודקים את החמץ**. וחייבים לבדוק מיד בתחלת הלילה, ואסור להתחיל לאכול או לעשות שום מלאכה חצי שעה קודם הלילה:

**יבדוק החמץ לאור הנר**. מיד אחר הבדיקה יבטל את החמץ ויאמר:

**כָּל חֲמִירָא וַחֲמִיעָא דְאִיכָּא בִרְשׁוּתִי,** דְּלָא חֲמִתֵּיהּ, וּדְלָא בִעַרְתֵּיהּ, וּדְלָא יְדַעְנָא לֵיהּ, לִבָּטֵל וְלֶהֱוֵי הֶפְקֵר כְּעַפְרָא דְאַרְעָא:

ואחר הבדיקה יזהר בחמץ שמשייר להצניעו.

ביום י"ד בניסן עד סוף השעה חמישית חוזר ומבטלו פעם שניה וטוב לבטלו לאחר ששרף החמץ כדי שיקיים מצות שריפה בחמץ שלו יעשה מדורה בפני עצמה וישרפנו

[פירוש זו מדלג את **קדש,** את **ורחץ,** את **כרפס,** ואת **יחץ**]

**מַגִּיד**

**הָא לַחְמָא עַנְיָא** דִּי אֲכָלוּ אַבְהָתָנָא בְּאַרְעָא דְמִצְרָיִם. כָּל דִּכְפִין יֵיתֵי וְיֵיכֹל, כָּל דִּצְרִיךְ יֵיתֵי וְיִפְסַח. **הָשַׁתָּא הָכָא, לְשָׁנָה הַבָּאָה** בְּאַרְעָא דְיִשְׂרָאֵל. הָשַׁתָּא עַבְדֵי, לְשָׁנָה הַבָּאָה בְּנֵי חוֹרִין.

הבן **שואל**:

**מַה נִּשְׁתַּנָּה** הַלַּיְלָה הַזֶּה מִכָּל הַלֵּילוֹת? שֶׁבְּכָל הַלֵּילוֹת אָנוּ אוֹכְלִין חָמֵץ וּמַצָּה, הַלַּיְלָה הַזֶּה – כֻּלּוֹ מַצָּה. שֶׁבְּכָל הַלֵּילוֹת אָנוּ אוֹכְלִין שְׁאָר יְרָקוֹת – הַלַּיְלָה הַזֶּה (כֻּלּוֹ) מָרוֹר. שֶׁבְּכָל הַלֵּילוֹת אֵין אָנוּ מַטְבִּילִין אֲפִילוּ פַּעַם אֶחָת – הַלַּיְלָה הַזֶּה שְׁתֵּי פְעָמִים. שֶׁבְּכָל הַלֵּילוֹת אָנוּ אוֹכְלִין בֵּין יוֹשְׁבִין וּבֵין מְסֻבִּין – הַלַּיְלָה הַזֶּה **כֻּלָּנוּ מְסֻבִּין.**

**עֲבָדִים הָיִינוּ לְפַרְעֹה בְּמִצְרָיִם,** וַיּוֹצִיאֵנוּ ה' אֱלֹהֵינוּ מִשָּׁם בְּיָד חֲזָקָה וּבִזְרֹעַ נְטוּיָה. וְאִלּוּ לֹא הוֹצִיא הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא אֶת אֲבוֹתֵינוּ מִמִּצְרָיִם, הֲרֵי אָנוּ וּבָנֵינוּ וּבְנֵי בָנֵינוּ מְשֻׁעְבָּדִים הָיִינוּ לְפַרְעֹה בְּמִצְרָיִם. וַאֲפִילוּ כֻּלָּנוּ חֲכָמִים כֻּלָּנוּ נְבוֹנִים כֻּלָּנוּ זְקֵנִים כֻּלָּנוּ יוֹדְעִים אֶת הַתּוֹרָה מִצְוָה עָלֵינוּ לְסַפֵּר בִּיצִיאַת מִצְרָיִם. **וְכָל הַמַּרְבֶּה לְסַפֵּר בִּיצִיאַת מִצְרַיִם הֲרֵי זֶה מְשֻׁבָּח.**

**עבדים היינו לפרעה במצרים,** קנעכט, שקלאַפֿען זענען מיר געוועזען ביי פּרעה'ן אין מצרים, און האָבען געקנעטען ליים, געברענט ציגעל, געבויעט שטעדט, און געהאָרעוועט ווי אָקסען. דעמולט אָבער האָבען מיר געגלויבט אָן אַ גאָט, וואָס האָט מיטלייד מיט די אומגליקליכע און געקנעכטעטע און וועט אונז דורך זיין דיענער משה אַרויספֿיהרען פֿון פּרעה'ס קנעכטשאַפֿט; היינט אָבער, זעהען מיר ווי גאָטס-דיענער, די רבנים און כלי קודש האַלטען מיט די רייכע בלוטזויגער און אונטערדריקער, פֿערטיידיגען זייער "אָרדנונג" פֿון אויסבייטונג און אונטערדריקונג. היינט דערוועקט זיך אין אונז דאָס בעוואוסטזיין, דאָס מיר האָבען ניט אויף וועמען צו האָפֿען ווי נאָר אויף זיך אַליין. מיט אונזער אייגענעם כח אָרגאַניזירט און צוזאַמענגעשלאָסען מיט אַלע אונטערדריקטע און עקספּלאָאַטירטע, דורך אונערמיעדליכען און ריקזיכטלאָזען קאַמף וועלען מיר זיך בעפֿרייען און ברענגען די גאולה פֿאַר דער ליידענדער, בלוטענדער מענשהייט. מיר דאַרפֿען דיך איצט דערמאָנען מיט ליעבע און זעהנזוכט איבער דעם פּטור ווערען מצרים, דאָס קנעכט-הויז, טאָג אַזוי נאַכט דערציהלען אונזערע קינדער און קינד'ס-קינדער דעם גרויסען און הייליגען געדאַנק פֿון זעלבסט-בעפֿרייאונג **און וואָס מעהר ווער דערציהלט – דער איז געלויבט.**

**מעשה בר'** שמואל דעם פֿאַבריקאַנט, ברבי מאיר דעם באַנקיר, ברבי זרח דעם מלוה, ברבי טאָדרים דעם רב. ווי דיזע אַלע שעהנע מענשעלעך זיצען זיך צוזאַמען, טרינקען זיך אַ גלעזעלע גוטען ווייִן און קלערען אויך אַרום **"יציאת מצרים"**. די מעשה אָבער מיט'ן פּראָסטען פשט געפֿעלט זיי גאָר נישט. שטייטש! – זאָגען זיי – קנעכט מאַכען אַ בונט און בעפֿרייען זיך! וואָס איז דאָס פֿאַר אַ יושר גלאַט סתם בונטעווען זיך! וואו וועלען מיר דען אין דער וועלט אַהין קומען? ניין, דער פּראָסטער פשט טויג דאָ פֿאַר אונז גאָר נישט, מיר מוזען זוכען אַן אַנדער דרש, מיר מוזען זיי קיין צייט נישט געבען דיזען פּראָסטען פשט צו פֿערשטעהן. לענסטימאָל שטעלט זיך אַוועק ר' שמואל און דרש'נט: **"כל ימי חייך הלילות"**, דיין גאַנצעס לעבען זאָל נור זיין ביי נאַכט, ביי טאָג אָבער זאָלסטו זיין מיינער, מיין קנעכט, מיין שקלאַף, זאָלסט ביי מיר אָרבייטען אין פֿאַבריק און פֿערשוואַרצט ווערען. ר' טאָדרים דער רב שטעלט זיך אַנידער, פֿערגלאָצט די אויגען צום הימעל און זאָגט: **"כל ימי חייך – להביא לימות המשיח"**, אַרבייט נאַרעלע, האָרעווע, ווער פֿערשוואַרצט; דערפֿאַר, אַז משיח וועט קומען, וועט דיר זיין גוט. דו וועסט האָבען אַ ליכטיגען גן-עדן; אָבער **"וחכמים אומרים"**, די אמת'ע קלוגע-מענשען קומען און זאָגען: **"ימי חייך – העולם הזה"**, דיין לעבען איז נור אויף דיזער וועלט, ווי? קען דען אַ גאָט געבען אַזעלכע געזעצען, אַז די גאַנצע מענשהייט זאָל אַרויסגעשלעפּט ווערען האָרעווענדיג און קוים האָבען מיט וואָס די נשמה צו דערהאַלטען, און אַ קלייגער טייל זאָל פֿון זיי אַלעס אַוועקנעמען, און פֿערשווענדען און אויסברענגען און לעבען אין אַ ים פֿון פֿערגניגען? **רשע מה הוא אומר**, דער רשע, דער פּאַראַזיט זאָגט: **"מה העבודה הזאת לכם"**. וואָס איז פֿאַר אייך די אַרבייט, פֿאַר וואָס זאָלט איהר טאַקי נישט אַרבייטען? אַ מענש מוז דאָך אַרבייטען, אַ מענש איז דאָך בעשאַפֿען צום אַרבייטען! אַרבייט מאַכט דאָס לעבען זיס! אַרבייט קינדערלעך! **"לכם ולא לו"**, נור אונז הייסט ער אַרבייטען און פֿערשוואַרצט ווערען, נור אונז, און ער אַליין שטעקט אַ פֿינגער אין קאַלטען וואַסער נישט אַריין און לעבט פֿון אונזערע פּראַצע! **און ווייל ער נעמט זיך אַרויס פֿון כלל, איז ער אַ "כופר בעיקר"**. ער לייקענט דאָך די פֿונדאַמענטאַלע וואָרהייט אַז אַלע מענשען זענען גלייך געבאָרען, און גלויבט נישט אין די בעפֿרייאונג פֿון דער מענשהייט: דעריבער האָבען מיר מיט איהם נישט וואָס צו מאַכען **"ואף אתה הקהה את שניו"**, איהם זאָלסטו נור אויסזעצען די ציינער און זאָגען: געדענק, דאָס מיר האָבען זיך שוין אַ מאָל בעפֿרייט פֿון דעם שקלאַפֿען-הויז, פֿון מצרים, און מיר וועלען זיך נאָך פֿון דעם היינטיגען יאָך אויך געוויס בעפֿרייען:

**מַעֲשֶׂה בְּרַבִּי** אֱלִיעֶזֶר וְרַבִּי יְהוֹשֻׁעַ וְרַבִּי אֶלְעָזָר בֶּן־עֲזַרְיָה וְרַבִּי עֲקִיבָא וְרַבִּי טַרְפוֹן שֶׁהָיוּ מְסֻבִּין בִּבְנֵי־בְרַק וְהָיוּ **מְסַפְּרִים בִּיצִיאַת מִצְרַיִם** כָּל־אוֹתוֹ הַלַּיְלָה, עַד שֶׁבָּאוּ תַלְמִידֵיהֶם וְאָמְרוּ לָהֶם רַבּוֹתֵינוּ הִגִּיעַ זְמַן קְרִיאַת שְׁמַע שֶׁל שַׁחֲרִית.

אָמַר רַבִּי אֶלְעָזָר בֶּן־עֲזַרְיָה הֲרֵי אֲנִי כְּבֶן שִׁבְעִים שָׁנָה וְלֹא זָכִיתִי שֶׁתֵּאָמֵר יְצִיאַת מִצְרַיִם בַּלֵּילוֹת עַד שֶׁדְּרָשָׁהּ בֶּן זוֹמָא, שֶׁנֶּאֱמַר, **לְמַעַן תִּזְכֹּר אֶת יוֹם צֵאתְךָ מֵאֶרֶץ מִצְרַיִם כֹּל יְמֵי חַיֶּיךָ.** יְמֵי חַיֶּיךָ הַיָּמִים. **כֹּל יְמֵי חַיֶּיךָ הַלֵּילוֹת. וַחֲכָמִים אוֹמְרִים יְמֵי חַיֶּיךָ הָעוֹלָם הַזֶּה. כֹּל יְמֵי חַיֶּיךָ לְהָבִיא לִימוֹת הַמָּשִׁיחַ:**

**בָּרוּךְ הַמָּקוֹם**, בָּרוּךְ הוּא, בָּרוּךְ שֶׁנָּתַן תּוֹרָה לְעַמּוֹ יִשְׂרָאֵל, בָּרוּךְ הוּא. **כְּנֶגֶד אַרְבָּעָה בָנִים דִּבְּרָה תוֹרָה: אֶחָד חָכָם, וְאֶחָד רָשָׁע, וְאֶחָד תָּם, וְאֶחָד שֶׁאֵינוֹ יוֹדֵעַ לִשְׁאוֹל.**

**חָכָם מָה הוּא אוֹמֵר? מָה הָעֵדוֹת וְהַחֻקִּים וְהַמִּשְׁפָּטִים אֲשֶׁר צִוָּה ה' אֱלֹהֵינוּ אֶתְכֶם.** וְאַף אַתָּה אֱמוֹר לוֹ כְּהִלְכוֹת הַפֶּסַח: אֵין מַפְטִירִין אַחַר הַפֶּסַח אֲפִיקוֹמָן:

**רָשָׁע מָה הוּא אוֹמֵר? מָה הָעֲבוֹדָה הַזֹּאת לָכֶם. לָכֶם – וְלֹא לוֹ. וּלְפִי שֶׁהוֹצִיא אֶת עַצְמוֹ מִן הַכְּלָל כָּפַר בְּעִקָּר. וְאַף אַתָּה הַקְהֵה אֶת שִׁנָּיו** וֶאֱמוֹר לוֹ: "בַּעֲבוּר זֶה עָשָׂה ה' לִי בְּצֵאתִי מִמִּצְרָיִם". **לִי וְלֹא־לוֹ.** אִלּוּ הָיָה שָׁם, לֹא הָיָה נִגְאָל:

**תָּם מָה הוּא אוֹמֵר? מַה זֹּאת? וְאָמַרְתָּ אֵלָיו "בְּחוֹזֶק יָד** הוֹצִיאָנוּ ה' מִמִּצְרַיִם מִבֵּית עֲבָדִים".

**וְשֶׁאֵינוֹ יוֹדֵעַ לִשְׁאוֹל – אַתְּ פְּתַח לוֹ,** שֶׁנֶּאֱמַר, וְהִגַּדְתָּ לְבִנְךָ בַּיּוֹם הַהוּא לֵאמֹר, בַּעֲבוּר זֶה עָשָׂה ה' לִי בְּצֵאתִי מִמִּצְרָיִם.

יָכוֹל מֵרֹאשׁ חֹדֶשׁ? תַּלְמוּד לוֹמַר בַּיּוֹם הַהוּא. אִי בַּיּוֹם הַהוּא יָכוֹל מִבְּעוֹד יוֹם? תַּלְמוּד לוֹמַר בַּעֲבוּר זֶה – בַּעֲבוּר זֶה לֹא אָמַרְתִּי, אֶלָּא בְּשָׁעָה שֶׁיֵּשׁ מַצָּה וּמָרוֹר מֻנָּחִים לְפָנֶיךָ.

און כל זמן דו לעבסט – זאָלסטו דו פֿון איהר און פֿון לעבען געניסען און וויסען, אַז זי איז פֿריי. **"למען תזכור את יום צאתך מארץ מצרים כל ימי חייך"** – דו זאָלסט געדענקען, אַז דו מוזט זיך בעפֿרייען פֿון קנעכטשאַפֿט און דאַרפֿסט לעבען אַ מענשליכעס לעבען. **ברוך המקום**, געבענשט זאָל זיין דער אָרט און געבענשט זאָל זיין די צייט, וואָס האָבען אונז געגעבען אָט דיזע קלוגע און וואָהרע מענשען, וועלכע עפֿענען אויף אונזערע אויגען. **"כנגד ארבעה בנים דברה תורה"**, עס האַנדעלט זיך אום פֿיער סאָרטען מענשען, אום פֿיער קלאַסען: **"אחד חכם, ואחד רשע, ואחד תם, ואחד שאינו יודע לשאול"**.
**חכם מה הוא אומר**, וואָס זאָגט דער חכם? דער חכם פֿרעגט: **"מה העדות והחוקים והמשפטים אשר צוה ה' אלהינו אתכם?"** וואָס זענען דאָס עפּיס פֿאַר געזעצען, וואָס גאָט האָט אייך געגעבען?

– **מיר און נישט ער**, דען דיזע שקלאַפֿען-זעעלע איז אונזער אמת'ער פֿייַנד; ער וויל נישט די ערלעזונג און וועט מוזען אונטערגעהן. **תם מה הוא אומר**, דער פּראָסטער איינפֿעלטיגער מענש פֿרעגט: **"מה זאת?"** וואָס געהט דאָ פֿאָר צווישען אייך? איבער וואָס קריגט איהר זיך? וועגען וואָס שטרייט איהר? וואַרום זאָלט איהר נישט אָבמאַכען אייער עסק אין גוטען-מיהט? **"ואמרת אליו"**, איהם זאָלסטו ענטפֿערן: **"בחוזק יד"**. נור דורך געוואַלט זענען מיר בעפֿרייט געוואָרען פֿון מצרים, און נור דורך געוואַלט וועלען מיר זיך אויך איצטער בעפֿרייען. **ושאינו יודע לשאול את פתח לו**, ווען איינער ווייסט גאָר נישט וואָס צו פֿרעגען, איהם זאָלסטו בקיצור דערצעהלען די גאַנצע געשיכטע פֿון אונזער אַמאָליגע און היינטיגע קנעכטשאַפֿט און זאָלסט איהם אַזוי זאָגען:

**מתחילה עובדי עבודה זרה היו אבותינו,** שוין פֿון פֿריה אָן האָבן אונזערע עלטערן געאַרבייט פֿאַר פֿרעמדע, פֿאַר פּריצים, גבירים, רבנים און אַנדער כלי-קודש. אָבער דאָס איז שוין געווען אויף אַ העכערע ענטוויקלונגס-שטופֿע. נאָך פֿריהער זענען זיי נאָר געווען ווילד, פֿלעגן זיך אַרומשלעפּען סטאַדעס-וויז, אונבעהילפֿליך, אָהן אַ שום געוועהר, נאַנץ אָבהענגיג פֿון זייער וואוינאָרט אַקוראַט ווי ווילדע חיות און נעיאָגט פֿון ביטערן הונגער פֿלעגן זיי זיך שטענדיג הרג'ענען איין סטאַדע מיט דער אַנדערער פֿאַר יעדעס ביסעל שפּייז. לערביי פֿלעגן שטאַרקערע די שוואַכערע נאָר פּשוט אויפֿפֿרעסען. מיט דער צייט אָבער, אַז מען האָט אויסגעפֿונען פֿערשיעדענע וועלקציינען און געוועהר, איז מען געוואָרען אַ ביסעל אונאָבהענגיגער פֿון וואוין-אָרט. ווייל מ'האָט שוין געקאָנט מאַכען פֿאָררעטען פֿון שפּייז און מען האָט שוין ניסט בעלאַרפֿט יעדע מינוט לאוני'ען פֿאַר דעם מאָרגעדיגען טאָג. מלחמה צו האַלטען און הרג'ענען זיך האָט מען אפֿילו לאַמאָלס אויך ניסט אויפֿגעהערט, אָבער עס איז שוין געווען אַ גרויסער אונטערשיעד צווישן פֿריהער און איצט. פֿריהער האָבן די געפֿאַנגענע ניסט געקענט ברענגען קיין שום נוצען, ווייל יעדער האָט מיט די גרעסטע מיה זיך קוים אַליין געקאָנט דערהאַלטען,

אַלע שקלאַפֿערייען, אַלע אונטערדריקונגען וואָס זענען געווען פֿון לאַמאָלס אָן, אויף דער גאַנצער וועלט ביי אַלע פֿעלקער, שטאַמען נור פֿון די עקאָנאָמישע פֿערהעלטנישע; אָבער אַ לאַנק די זעלבע עקאָנאָמישע פֿערהעלטנישע; אָבער אַ לאַנק די זעלבע עקאָנאָמישע פֿערהעלטנישע ציהט זיך אויך פֿון דער צייט אָן דורך די גאַנצע געשיכטע טויזענדע יאָהרען אונאויפֿהערליכע מלחמה צווישן אונטערדריקער און אונטערדריקטע, צווישן די שקלאַפֿען און די הערשער. די שקלאַפֿען פֿלעגן אפֿילו תּמיד מנצח זיין, אָבער דאָס שרעקליכע אונגעהויער – די שקלאַפֿעריי, פֿלעגט יעדעס מאָל נור אָן-נעהמען אַנאַנדער געשטאַלט. אַ ביסעל אַ בעסערע ווי פֿריהער, אָבער אין עצם איז זי געבליבען די זעלבע חיה. אַזוי האָט זיך די מענשען-פֿרעסעריי אומגעוואַנדעלט אין שקלאַפֿעריי. האָט אין פֿערלויף פֿון יאָהר-טויזענדער אָנגענומען אַלץ נייע און נייע געשטאַלטען, ביז עס האָט זיך אַרויסגעבילדעט די היינטיגע, די קאַפּיטאַליסטישע קנעכטשאַפֿט, וואו עס שיינט אַז יעדער מענש קאָן האַנדלען פֿריי, איז אָבער אין אמת'ן אַ שקלאַף. אַן עבד, אפֿשר נאָך מעהר ווי אַ מאָל. **צא ולמד.** נעם און בעטראַכט. וואָס האָבן געוואָלט די פֿערצייטיגע הערען פֿון זייערע קנעכט? זיי זאָלען פֿאַר זיי אַרבייטען און מאַכען אַלץ, וואָס זיי ברויכען. ווען אָבער אַ מענש אַרבייט מוז ער עסען; נו, פֿערשטעהט זיך,

זיי האָבן געטוינט פֿאַר די בעזינער אויף כפרות, אַ חוץ וואָס מען האָט זיי געקאָנט אויפֿעסען. און בעזינער האָבן טאַקי ניסט געמאַכט קיין שהיות און האָבן די געפֿאַנגענע טאַקי אויפֿגעפֿרעסען, איצט אָבער, אַ לאַנק לעס, וואָס יעדער איז געוואָרען אין שטאַנד מיט הילפֿע פֿון די וועלקציינען און געוועהר ניסט נור זיך אַליין צו דערהאַלטען, נאָר אפֿילו מאַכען פֿאָררעטען, איז פֿאַר די בעזינער געווען פֿיעל מעהר פֿאָרטיילהאַפֿט אַנשטאָט די געפֿאַנגענע אויפֿצופֿרעסען, זיי בעסער מאַכען פֿאַר קנעכט וועלכע מוזען זייערע הערען אַלץ אַוועקגעבען, וואָס זיי האָרעווען אויס. עס איז אַזוי ענטשטאַנען די שקלאַפֿעריי, אָבער ביי דער פֿערשקלאַפֿונג פֿון נור געפֿאַנגענע איז דאָס ניסט געבליבען. אַ לאַנק דער ווירטשאַפֿטליכער ענטוויקלונג האָבן אַ קליינער טהייל מענשען, וועלכע עס זענען געווען צו פֿיהרען מלחמה, זיך געשטעלט בראָש, בישלעכווייז אַריינגעכאַפּט די מאַכט אין זייערע הענד און אונטעריאָכט אַלע איבריגע מענשען,

**מִתְּחִלָּה עוֹבְדֵי עֲבוֹדָה זָרָה הָיוּ אֲבוֹתֵינוּ,** וְעַכְשָׁיו קֵרְבָנוּ הַמָּקוֹם לַעֲבֹדָתוֹ, שֶׁנֶּאֱמַר: וַיֹּאמֶר יְהוֹשֻׁעַ אֶל־כָּל־הָעָם, כֹּה אָמַר ה' אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל: בְּעֵבֶר הַנָּהָר יָשְׁבוּ אֲבוֹתֵיכֶם מֵעוֹלָם, תֶּרַח אֲבִי אַבְרָהָם וַאֲבִי נָחוֹר, וַיַּעַבְדוּ אֱלֹהִים אֲחֵרִים. וָאֶקַּח אֶת־אֲבִיכֶם אֶת־אַבְרָהָם מֵעֵבֶר הַנָּהָר וָאוֹלֵךְ אוֹתוֹ בְּכָל־אֶרֶץ כְּנָעַן, וָאַרְבֶּה אֶת־זַרְעוֹ וָאֶתֵּן לוֹ אֶת־יִצְחָק, וָאֶתֵּן לְיִצְחָק אֶת־יַעֲקֹב וְאֶת־עֵשָׂו. וָאֶתֵּן לְעֵשָׂו אֶת־הַר שֵׂעִיר לָרֶשֶׁת אֹתוֹ, וְיַעֲקֹב וּבָנָיו יָרְדוּ מִצְרָיִם. בָּרוּךְ שׁוֹמֵר הַבְטָחָתוֹ לְיִשְׂרָאֵל, בָּרוּךְ הוּא. שֶׁהַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא חִשַּׁב אֶת־הַקֵּץ, לַעֲשׂוֹת כְּמוֹ שֶׁאָמַר לְאַבְרָהָם אָבִינוּ בִּבְרִית בֵּין הַבְּתָרִים, שֶׁנֶּאֱמַר: וַיֹּאמֶר לְאַבְרָם, יָדֹעַ תֵּדַע כִּי־גֵר יִהְיֶה זַרְעֲךָ בְּאֶרֶץ לֹא לָהֶם, וַעֲבָדוּם וְעִנּוּ אֹתָם אַרְבַּע מֵאוֹת שָׁנָה. וְגַם אֶת־הַגּוֹי אֲשֶׁר יַעֲבֹדוּ דָּן אָנֹכִי וְאַחֲרֵי־כֵן יֵצְאוּ בִּרְכֻשׁ גָּדוֹל. וְהִיא שֶׁעָמְדָה לַאֲבוֹתֵינוּ וְלָנוּ. שֶׁלֹּא אֶחָד בִּלְבָד עָמַד עָלֵינוּ לְכַלּוֹתֵנוּ, אֶלָּא שֶׁבְּכָל דּוֹר וָדוֹר עוֹמְדִים עָלֵינוּ לְכַלּוֹתֵנוּ, וְהַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא מַצִּילֵנוּ מִיָּדָם.

**צֵא וּלְמַד** מַה בִּקֵּשׁ לָבָן הָאֲרַמִּי לַעֲשׂוֹת לְיַעֲקֹב אָבִינוּ: **שֶׁפַּרְעֹה לֹא גָזַר אֶלָּא עַל הַזְּכָרִים,** וְלָבָן בִּקֵּשׁ לַעֲקֹר אֶת־הַכֹּל. שֶׁנֶּאֱמַר: אֲרַמִּי אֹבֵד אָבִי, וַיֵּרֶד מִצְרַיְמָה וַיָּגָר שָׁם בִּמְתֵי מְעָט, וַיְהִי שָׁם לְגוֹי גָּדוֹל, עָצוּם וָרָב.

וַיֵּרֶד מִצְרַיְמָה – אָנוּס עַל פִּי הַדִּבּוּר. וַיָּגָר שָׁם. מְלַמֵּד שֶׁלֹּא יָרַד יַעֲקֹב אָבִינוּ לְהִשְׁתַּקֵּעַ בְּמִצְרַיִם אֶלָּא לָגוּר שָׁם, שֶׁנֶּאֱמַר: וַיֹּאמְרוּ אֶל־פַּרְעֹה, לָגוּר בָּאָרֶץ בָּאנוּ, כִּי אֵין מִרְעֶה לַצֹּאן אֲשֶׁר לַעֲבָדֶיךָ, כִּי כָבֵד הָרָעָב בְּאֶרֶץ כְּנָעַן. וְעַתָּה יֵשְׁבוּ־נָא עֲבָדֶיךָ בְּאֶרֶץ גֹּשֶׁן. בִּמְתֵי מְעָט. כְּמָה שֶׁנֶּאֱמַר: בְּשִׁבְעִים נֶפֶשׁ יָרְדוּ אֲבוֹתֶיךָ מִצְרָיְמָה, וְעַתָּה שָׂמְךָ ה' אֱלֹהֶיךָ כְּכוֹכְבֵי הַשָּׁמַיִם לָרֹב. וַיְהִי שָׁם לְגוֹי. מְלַמֵּד שֶׁהָיוּ יִשְׂרָאֵל מְצֻיָּנִים שָׁם. גָּדוֹל עָצוּם – כְּמָה שֶׁנֶּאֱמַר: וּבְנֵי יִשְׂרָאֵל פָּרוּ וַיִּשְׁרְצוּ וַיִּרְבּוּ וַיַּעַצְמוּ בִּמְאֹד מְאֹד, וַתִּמָּלֵא הָאָרֶץ אֹתָם.

אַז זיי פֿלעגען האָבען וואָס צו עסען; אָבער וואָס זיי פֿלעגען אויסאַרבייטען מעהר ווי זיי האָבען נעהאַט נויטיג – פֿלעגען די הערען צונעמען און פֿלעגען זיך לעבען אַ גוטען טאָג פֿון זייער (די קנעכטס) ביטערע פּראַצע. די הערען פֿלעגען זאָרגען, אַז די שקלאַפֿען זאָלען ניסט אויסשטאַרבען פֿון הונגער און פֿון קעלט, וואָרום ווען אַ שקלאַף שטאַרבט, האָט זיין הער היזק, **פּרעה האָט גוזר געווען מעהר ניסט ווי אויף זכרים,** ווי איז אָבער איצטער? די גזירה איז אַנינל אויף אונז אַלעמען, אויף אונז אַרבייטער וואָס מוזען פֿערקויפֿען זיך זעלבסט, אונזערע פֿרויען, אונזערע קינדער פֿאַר אַ הונגער לוין צו די מייסטערס און דאַן איז אונזער לאַגע נאָך אונבעשטימטער און אונזיכערער אַלס די לאַגע פֿון די פֿערצייטיגע שקלאַפֿען. מיר קאָנען נור דאַן שטילען אונזער הונגער, ווען די רייכע לינגען אונז צו אַרבייטען פֿאַר זיי, ענלינגט זיך אָבער ביי זיי די אַרבייט דאַן קימערן זיי זיך וועגען אונז ניסט מעהר; פֿון זייערטוועגען מעגען מיר אַלע קרעפּירען פֿון הונגער – וואָס זיי האָבען נעלאַרפֿט, האָבען מיר זיי געמאַכט.

מיר האָבען געבויט הייזער און מיר ליגען אויף דער גאַס, מיר האָבען געבויט הייסער און מיר ליגען אויף דער גאַס, מיר האָבען שפּייזען געשאַפֿט און צוגעגרייט און מיר זענען הונגעריג, מיר האָבען קליידער פֿערפֿערטיגט און מיר זענען

**"ואת עמלנו" דאָס זענען די קינדער** – זאָגט דער פּשט – אונזערע אָרימע אומגליקליכע קינדער; זיי האָבען נאָך אויף דער וועלט קיין גליקליכע שעה נישט גענאָסען און מיר זעהען זיי שוין אַלס שקלאַפֿען פֿון דער פֿריהער יוגענד!

**"ערום ועריה"**, אַרומגעריסען און אַרומגעשליסען נאַקעט און באָרוועס. **וירעו אותנו**, אונזערע היינטיגע הערען האָבען אונז בעהאַנדעלט און בעהאַנדלען אונז אונטער דער מאַסקע פֿון גלייכהייט און פֿרייהייט וועלכע די "חיה רעה", די שקלאַפֿעריי האָט לפנים אָנגענומען פֿיעל ערגער אַלס די פֿערצייטיגע הערען. **והיה כי תקראנה מלחמה**, קומט פֿאָר אַ מלחמה, שיקט מען אונז גע'הרג'עט צו ווערען; בעדאַרף מען האָבען געלד, **זענען דערויף געמאַכט "שרי מסים"** וואָס רייסען פֿון אונז צינזען, טאַקסעס, שטייערן, קהל-געלד: ברויכען אונזערע הערען פֿעסטונגען, מאַגאַזינען, פּאַלאַצען – **מיר בויען די ערי מסכנות.**

**ויתנו עלינו עבידה קשה**, אַך די עבודה קשה, די עבודה קשה! האָבען מיר דען נאָך אַ טראָפּען בלוט וואָס זאָל נישט זיין פֿערגיפֿטעט, נאָך אַ גליעד, וואָס זאָל נישט זיין אָבגעשוואַכט און אָבגעטעמפּט פֿון דיזער שווערער לייב-און-זעלעטויטענדער אומנאַטירליכער צוואַנגס-אַרבייט?; **ונצעק אל ה'**, ביז אַהער האָבען מיר געשריגען צו גאָט, איז אונז אָבער דערפֿון בעסער געוואָרען? איז אונזער אומגליק לייכטער געוואָרען? מיר שרייען נור, מיר זיפֿצען פֿון דער אַרבייט. האָט ווער דערהערט אונזער שטימע? האָט איינער דערזעהען, **"את ענינו ואת עמלנו ואת לחצנו?"** – דאָס ווייסט יעדער פֿון אונז פּשוט, דאָס קויעהלען זיך פֿאַר דעם שטיקעל חיונה.

וָרָב. כְּמָה שֶׁנֶּאֱמַר: רְבָבָה כְּצֶמַח הַשָּׂדֶה נְתַתִּיךְ, וַתִּרְבִּי וַתִּגְדְּלִי וַתָּבֹאִי בַּעֲדִי עֲדָיִים, שָׁדַיִם נָכֹנוּ וּשְׂעָרֵךְ צִמֵּחַ, וְאַתְּ **עֵרֹם וְעֶרְיָה.** וָאֶעֱבֹר עָלַיִךְ וָאֶרְאֵךְ מִתְבּוֹסֶסֶת בְּדָמָיִךְ, וָאֹמַר לָךְ בְּדָמַיִךְ חֲיִי, וָאֹמַר לָךְ בְּדָמַיִךְ חֲיִי.

**וַיָּרֵעוּ אֹתָנוּ** הַמִּצְרִים וַיְעַנּוּנוּ, וַיִּתְּנוּ עָלֵינוּ עֲבֹדָה קָשָׁה. וַיָּרֵעוּ אֹתָנוּ הַמִּצְרִים – כְּמָה שֶׁנֶּאֱמַר: הָבָה נִתְחַכְּמָה לוֹ פֶּן יִרְבֶּה, **וְהָיָה כִּי תִקְרֶאנָה מִלְחָמָה** וְנוֹסַף גַּם הוּא עַל שֹׂנְאֵינוּ וְנִלְחַם־בָּנוּ, וְעָלָה מִן־הָאָרֶץ. וַיְעַנּוּנוּ. כְּמָה שֶׁנֶּאֱמַר: **וַיָּשִׂימוּ עָלָיו שָׂרֵי מִסִּים** לְמַעַן עַנֹּתוֹ בְּסִבְלֹתָם. **וַיִּבֶן עָרֵי מִסְכְּנוֹת** לְפַרְעֹה. אֶת־פִּתֹם וְאֶת־רַעַמְסֵס. **וַיִּתְּנוּ עָלֵינוּ עֲבֹדָה קָשָׁה.** כְּמָה שֶׁנֶּאֱמַר: וַיַּעֲבִדוּ מִצְרַיִם אֶת־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל בְּפָרֶךְ.

**וַנִּצְעַק אֶל־ה'** אֱלֹהֵי אֲבֹתֵינוּ, וַיִּשְׁמַע ה' אֶת־קֹלֵנוּ, וַיַּרְא **אֶת־עָנְיֵנוּ וְאֶת עֲמָלֵנוּ וְאֶת לַחֲצֵנוּ.** וַנִּצְעַק אֶל־ה' אֱלֹהֵי אֲבֹתֵינוּ – כְּמָה שֶׁנֶּאֱמַר: וַיְהִי בַיָּמִים הָרַבִּים הָהֵם וַיָּמָת מֶלֶךְ מִצְרַיִם, וַיֵּאָנְחוּ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל מִ־הָעֲבוֹדָה וַיִּזְעָקוּ, וַתַּעַל שַׁוְעָתָם אֶל־הָאֱלֹהִים מִן הָעֲבֹדָה. וַיִּשְׁמַע ה' אֶת קֹלֵנוּ. כְּמָה שֶׁנֶּאֱמַר: וַיִּשְׁמַע אֱלֹהִים אֶת־נַאֲקָתָם, וַיִּזְכֹּר אֱלֹהִים אֶת־בְּרִיתוֹ אֶת־אַבְרָהָם, אֶת־יִצְחָק וְאֶת־יַעֲקֹב.

וַיַּרְא אֶת־עָנְיֵנוּ. זוֹ פְּרִישׁוּת דֶּרֶךְ אֶרֶץ, כְּמָה שֶׁנֶּאֱמַר: וַיַּרְא אֱלֹהִים אֶת בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל וַיֵּדַע אֱלֹהִים. **וְאֶת־עֲמָלֵנוּ. אֵלּוּ הַבָּנִים.** כְּמָה שֶׁנֶּאֱמַר: כָּל־הַבֵּן הַיִּלּוֹד הַיְאֹרָה תַּשְׁלִיכֻהוּ וְכָל־הַבַּת תְּחַיּוּן. **וְאֶת לַחֲצֵנוּ. זֶו הַדְּחַק,** כְּמָה שֶׁנֶּאֱמַר: וְגַם־רָאִיתִי אֶת־הַלַּחַץ אֲשֶׁר מִצְרַיִם לֹחֲצִים אֹתָם.

וַיּוֹצִאֵנוּ ה' מִמִּצְרַיִם בְּיָד חֲזָקָה, וּבִזְרֹעַ נְטוּיָה, וּבְמֹרָא גָּדֹל, וּבְאֹתוֹת וּבְמֹפְתִים. וַיּוֹצִאֵנוּ ה' מִמִּצְרַיִם. **לֹא עַל־יְדֵי מַלְאָךְ, וְלֹא עַל־יְדֵי שָׂרָף,** וְלֹא עַל־יְדֵי שָׁלִיחַ, אֶלָּא הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא בִּכְבוֹדוֹ וּבְעַצְמוֹ. שֶׁנֶּאֱמַר: וְעָבַרְתִּי בְאֶרֶץ מִצְרַיִם בַּלַּיְלָה הַזֶּה, וְהִכֵּיתִי כָל־בְּכוֹר בְּאֶרֶץ מִצְרַיִם מֵאָדָם וְעַד בְּהֵמָה, וּבְכָל אֱלֹהֵי מִצְרַיִם אֶעֱשֶׂה שְׁפָטִים. אֲנִי ה'. וְעָבַרְתִּי בְאֶרֶץ מִצְרַיִם בַּלַּיְלָה הַזֶּה – אֲנִי וְלֹא מַלְאָךְ; וְהִכֵּיתִי כָל בְּכוֹר בְּאֶרֶץ־מִצְרַיִם. אֲנִי וְלֹא שָׂרָף; וּבְכָל־אֱלֹהֵי מִצְרַיִם אֶעֱשֶׂה שְׁפָטִים. אֲנִי **וְלֹא הַשָּׁלִיחַ;** אֲנִי ה'. **אֲנִי הוּא וְלֹא אַחֵר. בְּיָד חֲזָקָה.** זוֹ הַדֶּבֶר, **כְּמָה שֶׁנֶּאֱמַר:** הִנֵּה יַד־ה' הוֹיָה בְּמִקְנְךָ אֲשֶׁר בַּשָּׂדֶה, בַּסּוּסִים, בַּחֲמֹרִים, בַּגְּמַלִּים, בַּבָּקָר וּבַצֹּאן, דֶּבֶר כָּבֵד מְאֹד. **וּבִזְרֹעַ נְטוּיָה.** זוֹ הַחֶרֶב, **כְּמָה שֶׁנֶּאֱמַר:** וְחַרְבּוֹ שְׁלוּפָה בְּיָדוֹ, נְטוּיָה עַל־יְרוּשָׁלָיִם. **וּבְמוֹרָא גָּדֹל.** זוֹ גִּלּוּי שְׁכִינָה. כְּמָה שֶׁנֶּאֱמַר, אוֹ הֲנִסָּה אֱלֹהִים לָבוֹא לָקַחַת לוֹ גוֹי מִקֶּרֶב גּוֹי בְּמַסֹּת בְּאֹתֹת וּבְמוֹפְתִים וּבְמִלְחָמָה וּבְיָד חֲזָקָה וּבִזְרוֹעַ נְטוּיָה וּבְמוֹרָאִים גְּדוֹלִים כְּכֹל אֲשֶׁר־עָשָׂה לָכֶם ה' אֱלֹהֵיכֶם בְּמִצְרַיִם לְעֵינֶיךָ. **וּבְאֹתוֹת. זֶה הַמַּטֶּה,** כְּמָה שֶׁנֶּאֱמַר: וְאֶת הַמַּטֶּה הַזֶּה תִּקַּח בְּיָדֶךָ, אֲשֶׁר תַּעֲשֶׂה־בּוֹ אֶת הָאֹתֹת. **וּבְמֹפְתִים. זֶה הַדָּם,** כְּמָה שֶׁנֶּאֱמַר: וְנָתַתִּי מוֹפְתִים בַּשָּׁמַיִם וּבָאָרֶץ.

**דָּם וָאֵשׁ וְתִימְרוֹת עָשָׁן.**

**ואת לחצנו – זה הדחק**, די שרעקליכע אונטערטעניגליכע אונטערדריקונג, און ווייל קיינער הערט אונז נישט און קיינער העלפֿט אונז נישט, דאַרפֿען מיר זיך אויף קיינעם נישט פֿערלאָזען. מיר וועלען נישט געהאָלפֿען ווערען **"לא על ידי מלאך ולא על ידי שרף"**, אונזער בעפֿרייאונג איז אין אונז אַליין. מיר וועלען זיך אַליין העלפֿען – **ולא השליח, מיר אַליין – ולא אחר!**

**ביד חזקה**, – מיט אַ שטאַרקער האַנד – **כמה שנאמר**, ווי עס שטעהט געשריבען ביי אונזערע דיכטער:

"ווען דיין שטאַרקער אָרעם וויל
שטעהען אַלע רעדער שטיל"

**ובזרוע נטויה**, – מיט אַן אויסגעשטרעקטען אָרעם **כמה שנאמר**, ווי אונזערע העלדישע קעמפֿער האָבען אונז צוגערופֿען:

"האַלט הויך מיט אויסגעשטרעקטע הענד אונזער רויטע פֿאָהן פֿון סאָציאַליזם"!

**ובמורא גדול** – אַ מורא טהוט אָנפֿאַלען אויף די קאַפּיטאַליסטען, אַז זיי דער זעהען, ווי די אַרבייטער אָרגאַניזירען זיך צום קאַמף פֿאַר זייער בעפֿרייאונג. **ובאותות זה המטה** – אַרבייטער נעמט דעם שטעקען! **ובמופתים – זה הדם!**... דאָס אונשולדיגע בלוט פֿון טויזענדער אַרבייטער, וואָס ווערען צוקוועטשט דורך די מאַשינען, דער'הרג'עט ביי דער אַרבייט, אויסגעמאָרדעט אין 4 מיט אַ האַלב-יעהריגען וועלט-קריעג. פֿאַר די אינטערעסען פֿון קאַפּיטאַל און אימפּעריאַליזם – שרייט צו די אַרבייטער: נעמט נקמה! **דם ואש ותמרות עשן!** הער-גאָט-טייפֿעל-קרייז-מיליאָנען-האָגעל-דונער-וועטער!

מיר מוזען דאָך אַ מאָל בעפֿרייט ווערען!

און ווען מיר וועלן דאָס האָבען געטהון, וועלן מיר אָנפאַנגען צו פיהלען, אַז מיר זענען אויך מענשען, און מיר וועלן לעבען און אַרבייטען ווי פרייע מענשען, דער מענשליכער פערשטאַנד וועט אימער נוכר זיין די נידריגע, טהיערישע תאוות און מיר וועלן זינגען אַ נייעס, אַ פרעהליכעס ליעד. און די קאַפּיטאַליסטישע "חיה רעה" וועלן מיר ברענגען פאַר אַ קרבן **לכפר על כל עונותינו.**

## פסח, מצה, ומרור.

מאָרד, ליידען, און ביטערניש

**פסח, שהיו אבותינו אוכלים** איש את רעהו. די הגדה וויל זאָגען, אַז וואָס אונזערע אבות אבותינו האָבען פון אייביג אָן געגעסען איינער דעם אַנדערען האָבען ביטער געקעמפט און זיך געריסען צוליעב חיונה, צוליעב פאַלשע דעות, צוליעב פוסטע זאַכען, און האָבען געמאָרדעט און פערגאָסען בלוט ימים-וויין, מוזען מיר אויך טהון. און די וועלט וועט נישט אַנדערש ווערען: פאַר-צייטען זענען געוועזען די ווינציגע די הערשער איבער די פיעלע, איין דעספּאָט האָט געהאַלטען פעלקער אונטער זיינע פיס, און אַזוי וועט עס אימער בלייבען. **ויקוד העם וישתחוו.**

דאָס פאָלק וועט זיך אימער ביינגען און דרייען און בוקען. **מצה, זו שאנו אוכלים** איש את רעהו. און דעריבער, זאָגט ער, מוז דאָס פאָלק איצטער אויך ליידען, ווען מיר עסען איינער דעם אַנדערן, ווייל אַנדערש קאָן דאָס נישט זיין, **שנאמר,** ווייל אַזוי איז עס געזאָגט, אַז ווען מען רייסט נישט און ווען מען צופּט נישט האָט מען נישט, **ולא יכלו להתמהמה,** און מען טאָר נישט מאַכען צופיעל שהיות, **וגם צדה לא עשו להם,** אַז נישט האָט מען נישט וואָס צו עסען. **מרור זה שאנו אוכלים – על שום מה?** און דאָס ביטערניש וואָס מיר נעמען-אַיין איידער מיר ווערען אויפגעפרעסען, ווייסט איהר צוליעב וואָס דאָס איז? צוליעב דעם וואָס מיר מוזען דורכפיהרען איבערמענשליכע אַרבייט. **את כל עבודתם אשר עבדו בהם בפרך,** אַלע אַרבייט, וואָס דאָס פאָלק מאַכט איז אַלץ איבערמענשליך, צו פיעל אויף אַ מאָל, און אַזאַ אַרבייט שוואַכט-אָב דעם קערפּער מיט דעם גייסט צוזאַמען.

דָּבָר אַחֵר: בְּיָד חֲזָקָה שְׁתַּיִם, וּבִזְרֹעַ נְטוּיָה שְׁתַּיִם, וּבְמֹרָא גָּדֹל – שְׁתַּיִם, וּבְאֹתוֹת – שְׁתַּיִם, וּבְמֹפְתִים – שְׁתַּיִם.

אֵלּוּ עֶשֶׂר מַכּוֹת שֶׁהֵבִיא הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא עַל־הַמִּצְרִים בְּמִצְרַיִם, וְאֵלּוּ הֵן: **דָּם צְפַרְדֵּעַ** כִּנִּים עָרוֹב דֶּבֶר שְׁחִין בָּרָד אַרְבֶּה חשֶׁךְ מַכַּת בְּכוֹרוֹת רַבִּי יְהוּדָה הָיָה נוֹתֵן בָּהֶם סִמָּנִים: דְּצַ"ךְ עַדַ"שׁ בְּאַחַ"ב. רַבִּי יוֹסֵי הַגְּלִילִי אוֹמֵר: מִנַּיִן אַתָּה אוֹמֵר שֶׁלָּקוּ הַמִּצְרִים בְּמִצְרַיִם עֶשֶׂר מַכּוֹת וְעַל הַיָּם לָקוּ חֲמִשִּׁים מַכּוֹת? בְּמִצְרַיִם מַה הוּא אוֹמֵר? וַיֹּאמְרוּ הַחַרְטֻמִּם אֶל פַּרְעֹה: אֶצְבַּע אֱלֹהִים הִוא, וְעַל הַיָּם מָה הוּא אוֹמֵר? וַיַּרְא יִשְׂרָאֵל אֶת־הַיָּד הַגְּדֹלָה אֲשֶׁר עָשָׂה ה' בְּמִצְרַיִם, וַיִּירְאוּ הָעָם אֶת־ה', וַיַּאֲמִינוּ בַּיי וּבְמשֶׁה עַבְדוֹ. כַּמָּה לָקוּ בְאֶצְבַּע? עֶשֶׂר מַכּוֹת. אֱמוֹר מֵעַתָּה: בְּמִצְרַיִם לָקוּ עֶשֶׂר מַכּוֹת וְעַל הַיָּם לָקוּ חֲמִשִּׁים מַכּוֹת. רַבִּי אֱלִיעֶזֶר אוֹמֵר: מִנַּיִן שֶׁכָּל־מַכָּה וּמַכָּה שֶׁהֵבִיא הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא עַל הַמִּצְרִים בְּמִצְרַיִם הָיְתָה שֶׁל אַרְבַּע מַכּוֹת? שֶׁנֶּאֱמַר: יְשַׁלַּח־בָּם חֲרוֹן אַפּוֹ, עֶבְרָה וָזַעַם וְצָרָה, מִשְׁלַחַת מַלְאֲכֵי רָעִים. עֶבְרָה – אַחַת, וָזַעַם – שְׁתַּיִם, וְצָרָה – שָׁלֹשׁ, מִשְׁלַחַת מַלְאֲכֵי רָעִים – אַרְבַּע. אֱמוֹר מֵעַתָּה: בְּמִצְרַיִם לָקוּ אַרְבָּעִים מַכּוֹת וְעַל הַיָּם לָקוּ מָאתַיִם מַכּוֹת. רַבִּי עֲקִיבָא אוֹמֵר: מִנַּיִן שֶׁכָּל־מַכָּה וּמַכָּה שֶׁהֵבִיא הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא עַל הַמִּצְרִים בְּמִצְרַיִם הָיְתָה שֶׁל חָמֵשׁ מַכּוֹת? שֶׁנֶּאֱמַר: יְשַׁלַּח־בָּם חֲרוֹן אַפּוֹ, עֶבְרָה וָזַעַם וְצָרָה, מִשְׁלַחַת מַלְאֲכֵי רָעִים. חֲרוֹן אַפּוֹ – אַחַת, עֶבְרָה – שְׁתַּיִם, וָזַעַם – שָׁלוֹשׁ, וְצָרָה – אַרְבַּע, מִשְׁלַחַת מַלְאֲכֵי רָעִים – חָמֵשׁ. אֱמוֹר מֵעַתָּה: בְּמִצְרַיִם לָקוּ חֲמִשִּׁים מַכּוֹת וְעַל הַיָּם לָקוּ חֲמִשִּׁים וּמָאתַיִם מַכּוֹת.

כַּמָּה מַעֲלוֹת טוֹבוֹת לַמָּקוֹם עָלֵינוּ! אִלּוּ הוֹצִיאָנוּ מִמִּצְרַיִם וְלֹא עָשָׂה בָהֶם שְׁפָטִים, דַּיֵּנוּ. אִלּוּ עָשָׂה בָהֶם שְׁפָטִים, וְלֹא עָשָׂה בֵאלֹהֵיהֶם, דַּיֵּנוּ. אִלּוּ עָשָׂה בֵאלֹהֵיהֶם, וְלֹא הָרַג אֶת־בְּכוֹרֵיהֶם, דַּיֵּנוּ. אִלּוּ הָרַג אֶת־בְּכוֹרֵיהֶם וְלֹא נָתַן לָנוּ אֶת־מָמוֹנָם, דַּיֵּנוּ. אִלּוּ נָתַן לָנוּ אֶת־מָמוֹנָם וְלֹא קָרַע לָנוּ אֶת־הַיָּם, דַּיֵּנוּ. אִלּוּ קָרַע לָנוּ אֶת־הַיָּם וְלֹא הֶעֱבִירָנוּ בְּתוֹכוֹ בֶּחָרָבָה, דַּיֵּנוּ. אִלּוּ הֶעֱבִירָנוּ בְּתוֹכוֹ בֶּחָרָבָה וְלֹא שִׁקַּע צָרֵנוּ בְּתוֹכוֹ דַּיֵּנוּ. אִלּוּ שִׁקַּע צָרֵנוּ בְּתוֹכוֹ וְלֹא סִפֵּק צָרְכֵּנוּ בַּמִּדְבָּר אַרְבָּעִים שָׁנָה דַּיֵּנוּ. אִלּוּ סִפֵּק צָרְכֵּנוּ בְּמִדְבָּר אַרְבָּעִים שָׁנָה וְלֹא הֶאֱכִילָנוּ אֶת־הַמָּן דַּיֵּנוּ. אִלּוּ הֶאֱכִילָנוּ אֶת־הַמָּן וְלֹא נָתַן לָנוּ אֶת־הַשַּׁבָּת, דַּיֵּנוּ. אִלּוּ נָתַן לָנוּ אֶת־הַשַּׁבָּת, וְלֹא קֵרְבָנוּ לִפְנֵי הַר סִינַי, דַּיֵּנוּ. אִלּוּ קֵרְבָנוּ לִפְנֵי הַר סִינַי, וְלֹא נָתַן לָנוּ אֶת־הַתּוֹרָה. דַּיֵּנוּ. אִלּוּ נָתַן לָנוּ אֶת־הַתּוֹרָה וְלֹא הִכְנִיסָנוּ לְאֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, דַּיֵּנוּ. אִלּוּ הִכְנִיסָנוּ לְאֶרֶץ יִשְׂרָאֵל וְלֹא בָנָה לָנוּ אֶת־בֵּית הַבְּחִירָה דַּיֵּנוּ.

עַל אַחַת, כַּמָּה וְכַמָּה, טוֹבָה כְפוּלָה וּמְכֻפֶּלֶת לַמָּקוֹם עָלֵינוּ: שֶׁהוֹצִיאָנוּ מִמִּצְרַיִם, וְעָשָׂה בָהֶם שְׁפָטִים, וְעָשָׂה בֵאלֹהֵיהֶם, וְהָרַג אֶת־בְּכוֹרֵיהֶם, וְנָתַן לָנוּ אֶת־מָמוֹנָם, וְקָרַע לָנוּ אֶת־הַיָּם, וְהֶעֱבִירָנוּ בְּתוֹכוֹ בֶּחָרָבָה, וְשִׁקַּע צָרֵנוּ בְּתוֹכוֹ, וְסִפֵּק צָרְכֵּנוּ בַּמִּדְבָּר אַרְבָּעִים שָׁנָה, וְהֶאֱכִילָנוּ אֶת־הַמָּן, וְנָתַן לָנוּ אֶת־הַשַּׁבָּת, וְקֵרְבָנוּ לִפְנֵי הַר סִינַי, וְנָתַן לָנוּ אֶת־הַתּוֹרָה, וְהִכְנִיסָנוּ לְאֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, וּבָנָה לָנוּ אֶת־בֵּית הַבְּחִירָה **לְכַפֵּר עַל־כָּל־עֲוֹנוֹתֵינוּ.**

רַבָּן גַּמְלִיאֵל הָיָה אוֹמֵר: כָּל שֶׁלֹּא אָמַר שְׁלֹשָׁה דְּבָרִים אֵלּוּ בַּפֶּסַח, לֹא יָצָא יְדֵי חוֹבָתוֹ, וְאֵלּוּ הֵן: **פֶּסַח, מַצָּה, וּמָרוֹר.**

**פֶּסַח שֶׁהָיוּ אֲבוֹתֵינוּ אוֹכְלִים** בִּזְמַן שֶׁבֵּית הַמִּקְדָּשׁ הָיָה קַיָּם, עַל שׁוּם מָה? עַל שׁוּם שֶׁפָּסַח הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא עַל בָּתֵּי אֲבוֹתֵינוּ בְּמִצְרַיִם, שֶׁנֶּאֱמַר: וַאֲמַרְתֶּם זֶבַח פֶּסַח הוּא לַיי, אֲשֶׁר פָּסַח עַל בָּתֵּי בְנֵי יִשְׂרָאֵל בְּמִצְרַיִם בְּנָגְפּוֹ אֶת־מִצְרַיִם, וְאֶת־בָּתֵּינוּ הִצִּיל **וַיִּקֹּד הָעָם וַיִּשְׁתַּחווּ.**

**מַצָּה זוֹ שֶׁאָנוּ אוֹכְלִים,** עַל שׁוּם מַה? עַל שׁוּם שֶׁלֹּא הִסְפִּיק בְּצֵקָם שֶׁל אֲבוֹתֵינוּ לְהַחֲמִיץ עַד שֶׁנִּגְלָה עֲלֵיהֶם מֶלֶךְ מַלְכֵי הַמְּלָכִים, הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא, וּגְאָלָם, **שֶׁנֶּאֱמַר:** וַיֹּאפוּ אֶת־הַבָּצֵק אֲשֶׁר הוֹצִיאוּ מִמִּצְרַיִם עֻגֹת מַצּוֹת, כִּי לֹא חָמֵץ, כִּי גֹרְשׁוּ מִמִּצְרַיִם **וְלֹא יָכְלוּ לְהִתְמַהְמֵהַּ, וְגַם צֵדָה לֹא עָשׂוּ לָהֶם.**

**מָרוֹר זֶה שֶׁאָנוּ אוֹכְלִים, עַל שׁוּם מַה?** עַל שׁוּם שֶׁמֵּרְרוּ הַמִּצְרִים אֶת־חַיֵּי אֲבוֹתֵינוּ בְּמִצְרַיִם, שֶׁנֶּאֱמַר: וַיְמָרְרוּ אֶת חַיֵּיהֶם בַּעֲבֹדָה קָשָׁה, בְּחֹמֶר וּבִלְבֵנִים וּבְכָל־עֲבֹדָה בַּשָּׂדֶה **אֶת כָּל עֲבֹדָתָם אֲשֶׁר עָבְדוּ בָהֶם בְּפָרֶךְ.**

**בכל דור ודור** אין יעדער דור זענען געווען קלוגע און עהרליכע מענשען, וואָס האָבען דאָס אַלעס געזעהען און פֿערשטאַנען, און האָבען דערקלערט, אַז **חייב אדם לראות את עצמו כאלו הוא**, יעדער מענש מוז זיך אַליין בעטראַכטען דאָס ער איז "ער", דאָס ער איז אַ פּערזאָן, אַ מענש ווי יעדער אַנדערער, מיט אַלע רעכטע אויף די געניסען פֿון לעבען ווי יעדער אַנדערער. און איז געבוירען פֿון דער נאַטור פֿריי צו לעבען און צו געניסען, און די פֿרייהייט טאָר קיינער פֿון איהם ניט אַוועקרייבען. וואָס אַ דור ווייטער, ווערט דער דאָזיגער הייליגער געדאַנק **(געלויבט איז ער)** אַלץ שטאַרקער און ברייטער. און מיר האָפֿען איצטער, אַז ער וועט אונז פֿיהרען **לתת לנו את הארץ אשר נשבע לאבותינו,**

**הללוהו!** – לויבט איהם, איהר ערליכע לייט. **פֿערערט זיין נאָמען** – "פֿרייהייט"! **דער נאָמען זאָל געבענטשט זיין פֿון איצט ביז אין אייביגקייט! פֿון מזרח ביז מערב זאָל געריהמט ווערען דער נאָמען** "פֿרייהייט"! **איבער אַלע פֿעלקער האָט זי זיך אויפֿגעהויבען, ביז צום הימעל האָט זי דערגרייכט. זי האָט דערגרייכט דעם הימעל** און צוטריבען די געטער, **האָט זיך אַראָבגעלאָזט אויף דער ערד** און צעבראָכען די קייטען! זי **הויבט אויף דעם עלענדען פֿון שטויב, דעם אָרימען פֿון שמוץ רייסט זי אַרויס! און שטעלט זיי גלייך מיט די איידעלע, מיט די ערשטע פֿון דער נאַציאָן. די הויז-פֿרוי,** די מוטער, די שקלאַפֿין, זעצט זי גלייך מיט **די זיהן.** זי געניסט מענשליך גליק און **פֿרעהט זיך – הללוהו!**

אַז ער וועט אונז לערנען איינאָרדענען די וועלט, וועלכע ער האָט שוין אונזערע עלטערן פֿאָרגעשפּיעגעלט. ער וועט אונז ערלעזען און מיר וועלען איינפֿיהרען אַ געזעלשאַפֿטליכע אָרדנונג פֿון אמת'ן גליק און פֿרייהייט פֿאַר אַלע אַרבייטענדע מענשען. **(דעק צו די "מצה"** מיט די "מרור" ווען דו טראַכטסט פֿון דער צוקונפֿט און זאָג): **לפיכך אנחנו חייבים,** דעריבער זענען מיר מחויב צו בעשפּרעכען, צו דערקלעהרען, צו פֿערברייטען דעם גרויסעם מענשליכען געדאַנק פֿון פֿרייהייט און פֿון גלייכהייט, און פֿון דעם אַלגעמיינעם רעכט צו לעבען און צו געניסען, ווייל נור ער אַליין איז אימשטאַנד אונז אַרויסצוציהען **מעבדות לחרות,** פֿון שקלאַפֿעריי צו פֿרייהייט, **מיגון לשמחה,** פֿון טרויער צו פֿרייד, **ומאבל ליום-טוב,** פֿון יאָמער צו גוטע טעג, **ומאפילה לאור גדול,** פֿון פֿינסטערניש צו אַ גרויסען ליכט, **ומשעבוד לגאולה,** פֿון אונטערוואָרפֿענהייט צו זעלבסטשטענדיגקייט, **ונאמר לפניו שירה חדשה,** און מיר וועלען איהם זינגען אַ נייעם ליעד, איין הערליכעם ליעד – **הללוהו!**

**בְּכָל־דּוֹר וָדוֹר חַיָּב אָדָם לִרְאוֹת אֶת־עַצְמוֹ כְּאִלּוּ הוּא** יָצָא מִמִּצְרַיִם, שֶׁנֶּאֱמַר: וְהִגַּדְתָּ לְבִנְךָ בַּיּוֹם הַהוּא לֵאמֹר, בַּעֲבוּר זֶה עָשָׂה ה' לִי בְּצֵאתִי מִמִּצְרָיִם. לֹא אֶת־אֲבוֹתֵינוּ בִּלְבָד גָּאַל הַקָּדוֹשׁ **בָּרוּךְ הוּא,** אֶלָּא אַף אוֹתָנוּ גָּאַל עִמָּהֶם, שֶׁנֶּאֱמַר: וְאוֹתָנוּ הוֹצִיא מִשָּׁם, לְמַעַן הָבִיא אוֹתָנוּ, **לָתֶת לָנוּ אֶת־הָאָרֶץ אֲשֶׁר נִשְׁבַּע לַאֲבֹתֵינוּ.**

יאחז הכוס בידו **ויכסה המצות** ויאמר:

**לְפִיכָךְ אֲנַחְנוּ חַיָּבִים** לְהוֹדוֹת, לְהַלֵּל, לְשַׁבֵּחַ, לְפָאֵר, לְרוֹמֵם, לְהַדֵּר, לְבָרֵךְ, לְעַלֵּה וּלְקַלֵּס לְמִי שֶׁעָשָׂה לַאֲבוֹתֵינוּ וְלָנוּ אֶת־כָּל־הַנִּסִּים הָאֵלּוּ: הוֹצִיאָנוּ **מֵעַבְדוּת לְחֵרוּת מִיָּגוֹן לְשִׂמְחָה, וּמֵאֵבֶל לְיוֹם טוֹב, וּמֵאֲפֵלָה לְאוֹר גָּדוֹל, וּמִשִּׁעְבּוּד לִגְאֻלָּה. וְנֹאמַר לְפָנָיו שִׁירָה חֲדָשָׁה: הַלְלוּיָהּ.**

**הַלְלוּיָהּ** הַלְלוּ עַבְדֵי ה', **הַלְלוּ אֶת־שֵׁם** ה'. **יְהִי שֵׁם** ה' **מְבֹרָךְ מֵעַתָּה וְעַד עוֹלָם. מִמִּזְרַח שֶׁמֶשׁ עַד מְבוֹאוֹ מְהֻלָּל שֵׁם** ה'. **רָם עַל־כָּל־גּוֹיִם** ה', **עַל הַשָּׁמַיִם כְּבוֹדוֹ.** מִי כַּה' אֱלֹהֵינוּ הַמַּגְבִּיהִי לָשָׁבֶת, **הַמַּשְׁפִּילִי לִרְאוֹת בַּשָּׁמַיִם וּבָאָרֶץ? מְקִימִי מֵעָפָר דָּל, מֵאַשְׁפֹּת יָרִים אֶבְיוֹן, לְהוֹשִׁיבִי עִם־נְדִיבִים, עִם נְדִיבֵי עַמּוֹ. מוֹשִׁיבִי עֲקֶרֶת הַבַּיִת,** אֵם **הַבָּנִים שְׂמֵחָה. הַלְלוּיָהּ.**

**בְּצֵאת** יִשְׂרָאֵל **מִמִּצְרָיִם,** בֵּית יַעֲקֹב מֵעַם לֹעֵז, הָיְתָה יְהוּדָה **לְקָדְשׁוֹ,** יִשְׂרָאֵל **מַמְשְׁלוֹתָיו. הַיָּם רָאָה וַיָּנֹס, הַיַּרְדֵּן יִסֹּב לְאָחוֹר. הֶהָרִים רָקְדוּ כְאֵילִים, גְּבָעוֹת כִּבְנֵי צֹאן. מַה לְּךָ הַיָּם כִּי תָנוּס, הַיַּרְדֵּן – תִּסֹּב לְאָחוֹר, הֶהָרִים – תִּרְקְדוּ כְאֵילִים, גְּבָעוֹת כִּבְנֵי־צֹאן. מִלִּפְנֵי אָדוֹן חוּלִי אָרֶץ,** מִלִּפְנֵי אֱלוֹהַ יַעֲקֹב. **הַהֹפְכִי הַצּוּר** אֲגַם־מָיִם, חַלָּמִישׁ לְמַעְיְנוֹ־מָיִם.

**בָּרוּךְ אַתָּה** ה' אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם, אֲשֶׁר גְּאָלָנוּ וְגָאַל אֶת־אֲבוֹתֵינוּ מִמִּצְרַיִם, וְהִגִּיעָנוּ הַלַּיְלָה הַזֶּה לֶאֱכָל־בּוֹ מַצָּה וּמָרוֹר. **כֵּן** ה' אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ **יַגִּיעֵנוּ לְמוֹעֲדִים וְלִרְגָלִים אֲחֵרִים הַבָּאִים לִקְרָאתֵנוּ לְשָׁלוֹם,** שְׂמֵחִים בְּבִנְיַן עִירֶךָ וְשָׂשִׂים בַּעֲבוֹדָתֶךָ. וְנֹאכַל שָׁם מִן הַזְּבָחִים וּמִן הַפְּסָחִים אֲשֶׁר יַגִּיעַ דָּמָם עַל קִיר מִזְבַּחֲךָ לְרָצוֹן, **וְנוֹדֶה לְךָ שִׁיר חָדָשׁ עַל גְּאֻלָּתֵנוּ וְעַל פְּדוּת נַפְשֵׁנוּ. בָּרוּךְ אַתָּה** ה', **גָּאַל** יִשְׂרָאֵל.

[פירוש זו מדלג את **רחצה,** את **מוציא מצה,** את **מרור,** את **כורך,** את **שולחן אורך,** את **צפון,** ואת רוב **ברך**]

**בצאת** העם **ממצרים** ווען אַ פֿאָלק כאַפּט זיך אַרויס פֿון דער ענגשאַפֿט און קעמפֿט פֿאַר זיין בעפֿרייאונג, ווען זיין רעכט איז זיין **הייליגטום,** און איין מענשליכעם בעוואוסטזיין **בעהערשט איהם, דאַן ברויזט עס אויף ווי דער ים, [צעגיעסט עס זיך ווי ווילדע טייכען,] בערג שפּרינגען פֿאַר אימה, וואַלען ווערען איינגעזונקען. וואָס ברויזט דו דען ים? וואָס צעגיעסט איהר זיך ווילדע טייכען? וואָס שפּרינגט איהר בערג און וואָרום פֿערזינקט איהר שטאַרקע וואַלען? פֿאַר דעם הערשער פֿון דער וועלט,** פֿאַר די שטאַרקע מאַכט פֿון פֿאָלק. **וואָס** ווירקט און **שאַפֿט** און צויבערט און בויעט פּאַלאַצען **פֿון שטיינער** און, פֿון דער ערד ציהט עס ברויט!

**ברוך אתה,** געלויבט ביזטו, הייליגער רעיון, וועלכער האָט קיינמאָל ניט אויפֿגעהערט צו וועקען דעם מענשען, ער זאָל זיך אויפֿכאַפּען און אַראָבוואַרפֿען פֿון זיך די קייטען פֿון שאַנד, פֿון ליידען און ערנידריגונג און וועלכער **וועט אונז ענדליך ברענגען למועדים ולרגלים הבאים לקראתנו לשלום,** צו גוטע און פֿרעהליכע צייטען, **און מיר וועלען איהם דאַנקען על גאולתנו ועל פדות נפשנו,** פֿאַר אונזערע קערפּערליכע און גייסטיגע ערלעזונג. **ברוך אתה,** געלויבט ביזטו סאָציאַליזם, **ערלעזער** פֿון דער מענשהייט!

**שפוך חמתך** גיעס אַראָב דײַן וואַרימקייט **אויף די פֿעלקער, וואָס קענען דיך נאָך נישט און אויף די נאַציאָנען, וואָס האָבען דײַן נאָמען נישט גערופֿען. זיי פֿרעסען** זיך איינער דעם אַנדערען און **פֿערוויסטען** זיך אַליין. **גיעס אַראָב אויף זיי** דײַן ליכט, און דײַן שטראַהל זאָל זיי ער-רייכען. **פֿערטרייב** די פֿינסטערניס און פֿערניכטע די קנעכטשאַפֿט!

**לא לנו, לא לנו**, נישט פֿאַר אונז זענען אַזעלכע געדאַנקען! אַזוי זאָגט אַ געוויסער קלאַס: **מיר האָבען אַ גאָט אין הימעל און ער טהוט וואָס ער וויל.** ער ריכטעט איין די וועלט, און נאָך זײַן איינריכטונג מוזען מיר לעבען. **עצביהם כסף וזהב מעשה ידי אדם,** זייערע געצען זענען אָבער גאָלד און זילבער, געשאַפֿען פֿון מענשליכע הענד.

**שְׁפֹךְ חֲמָתְךָ אֶל־הַגּוֹיִם אֲשֶׁר לֹא יְדָעוּךָ וְעַל־מַמְלָכוֹת אֲשֶׁר בְּשִׁמְךָ לֹא קָרָאוּ. כִּי אָכַל** אֶת־יַעֲקֹב וְאֶת־נָוֵהוּ **הֵשַׁמּוּ. שְׁפָךְ־עֲלֵיהֶם** זַעְמֶךָ וַחֲרוֹן אַפְּךָ יַשִּׂיגֵם. **תִּרְדֹּף** בְּאַף וְתַשְׁמִידֵם מִתַּחַת שְׁמֵי ה'.

## הַלֵּל

**לֹא לָנוּ** ה', **לֹא לָנוּ**, כִּי לְשִׁמְךָ תֵּן כָּבוֹד, עַל חַסְדְּךָ עַל אֲמִתֶּךָ. לָמָּה יֹאמְרוּ הַגּוֹיִם אַיֵּה נָא אֱלֹהֵיהֶם. **וֵאלֹהֵינוּ בַשָּׁמַיִם, כֹּל אֲשֶׁר חָפֵץ עָשָׂה. עֲצַבֵּיהֶם כֶּסֶף וְזָהָב מַעֲשֵׂה יְדֵי אָדָם.** פֶּה לָהֶם וְלֹא יְדַבֵּרוּ, **עֵינַיִם לָהֶם וְלֹא יִרְאוּ. אָזְנַיִם לָהֶם וְלֹא יִשְׁמָעוּ,** אַף לָהֶם וְלֹא יְרִיחוּן. יְדֵיהֶם וְלֹא יְמִישׁוּן, רַגְלֵיהֶם וְלֹא יְהַלֵּכוּ, לֹא יֶהְגּוּ בִּגְרוֹנָם. **כְּמוֹהֶם יִהְיוּ** עֹשֵׂיהֶם, **כֹּל אֲשֶׁר בֹּטֵחַ בָּהֶם.** יִשְׂרָאֵל בְּטַח בַּיי, עֶזְרָם וּמָגִנָּם הוּא. בֵּית אַהֲרֹן בִּטְחוּ בַיי, עֶזְרָם וּמָגִנָּם הוּא. יִרְאֵי ה' בִּטְחוּ בַיי, עֶזְרָם וּמָגִנָּם הוּא. יי זְכָרָנוּ יְבָרֵךְ. יְבָרֵךְ אֶת בֵּית יִשְׂרָאֵל, יְבָרֵךְ אֶת בֵּית אַהֲרֹן, יְבָרֵךְ יִרְאֵי ה', הַקְּטַנִּים עִם הַגְּדֹלִים. יֹסֵף ה' עֲלֵיכֶם, עֲלֵיכֶם וְעַל בְּנֵיכֶם. בְּרוּכִים אַתֶּם לַיי, עֹשֵׂה שָׁמַיִם וָאָרֶץ. הַשָּׁמַיִם שָׁמַיִם לַיי וְהָאָרֶץ נָתַן לִבְנֵי אָדָם. לֹא הַמֵּתִים יְהַלְלוּ יָהּ וְלֹא כָּל יֹרְדֵי דוּמָה. וַאֲנַחְנוּ נְבָרֵךְ יָהּ מֵעַתָּה וְעַד עוֹלָם. הַלְלוּיָהּ.

אָהַבְתִּי כִּי יִשְׁמַע ה' אֶת קוֹלִי תַּחֲנוּנָי. כִּי הִטָּה אָזְנוֹ לִי וּבְיָמַי אֶקְרָא. אֲפָפוּנִי חֶבְלֵי מָוֶת וּמְצָרֵי שְׁאוֹל מְצָאוּנִי, צָרָה וְיָגוֹן אֶמְצָא. וּבְשֵׁם ה' אֶקְרָא: אָנָּא ה' מַלְּטָה נַפְשִׁי. חַנּוּן ה' וְצַדִּיק, וֵאלֹהֵינוּ מְרַחֵם. שֹׁמֵר פְּתָאִים ה', דַּלּוֹתִי וְלִי יְהוֹשִׁיעַ. שׁוּבִי נַפְשִׁי לִמְנוּחָיְכִי, כִּי ה' גָּמַל עָלָיְכִי. כִּי חִלַּצְתָּ נַפְשִׁי מִמָּוֶת, אֶת עֵינִי מִן דִּמְעָה, אֶת רַגְלִי מִדֶּחִי. אֶתְהַלֵּךְ לִפְנֵי ה' בְּאַרְצוֹת הַחַיִּים. הֶאֱמַנְתִּי כִּי אֲדַבֵּר, אֲנִי עָנִיתִי מְאֹד. אֲנִי אָמַרְתִּי בְחָפְזִי כָּל הָאָדָם כֹּזֵב.

מָה אָשִׁיב לַיי כֹּל תַּגְמוּלוֹהִי עָלָי. כּוֹס יְשׁוּעוֹת אֶשָּׂא וּבְשֵׁם ה' אֶקְרָא. נְדָרַי לַיי אֲשַׁלֵּם נֶגְדָה נָּא לְכָל עַמּוֹ. יָקָר בְּעֵינֵי ה' הַמָּוְתָה לַחֲסִידָיו. אָנָּה ה' כִּי אֲנִי עַבְדֶּךָ, אֲנִי עַבְדְּךָ בֶּן אֲמָתֶךָ, פִּתַּחְתָּ לְמוֹסֵרָי. לְךָ אֶזְבַּח זֶבַח תּוֹדָה וּבְשֵׁם ה' אֶקְרָא. נְדָרַי לַיי אֲשַׁלֵּם נֶגְדָה נָּא לְכָל עַמּוֹ. בְּחַצְרוֹת בֵּית ה', בְּתוֹכֵכִי יְרוּשָׁלָיִם. הַלְלוּיָהּ.

הַלְלוּ אֶת ה' כָּל גּוֹיִם, שַׁבְּחוּהוּ כָּל הָאֻמִּים. כִּי גָבַר עָלֵינוּ חַסְדּוֹ, וֶאֱמֶת ה' לְעוֹלָם. הַלְלוּיָהּ. הוֹדוּ לַיי כִּי טוֹב כִּי לְעוֹלָם חַסְדּוֹ. יֹאמַר נָא יִשְׂרָאֵל כִּי לְעוֹלָם חַסְדּוֹ. יֹאמְרוּ נָא בֵית אַהֲרֹן כִּי לְעוֹלָם חַסְדּוֹ. יֹאמְרוּ נָא יִרְאֵי ה' כִּי לְעוֹלָם חַסְדּוֹ.

**מִן הַמֵּצַר** קָרָאתִי יָּהּ, עָנָנִי בַמֶּרְחַב יָהּ. ה' לִי, **לֹא אִירָא – מַה יַּעֲשֶׂה לִי אָדָם**, ה' לִי בְּעֹזְרָי וַאֲנִי אֶרְאֶה בְשֹׂנְאָי. **טוֹב לַחֲסוֹת** בַּיי **מִבְּטֹחַ בָּאָדָם. טוֹב לַחֲסוֹת** בַּיי **מִבְּטֹחַ בִּנְדִיבִים. כָּל גּוֹיִם** סְבָבוּנִי, בְּשֵׁם ה' כִּי אֲמִילַם. סַבּוּנִי גַם סְבָבוּנִי, בְּשֵׁם ה' כִּי אֲמִילַם. סַבּוּנִי כִדְבֹרִים, דֹּעֲכוּ כְּאֵשׁ קוֹצִים, בְּשֵׁם ה' כִּי אֲמִילַם. דָּחֹה דְחִיתַנִי לִנְפֹּל, וַיי עֲזָרָנִי. **עָזִּי וְזִמְרָת** יָהּ וַיְהִי לִי לִישׁוּעָה. קוֹל רִנָּה וִישׁוּעָה בְּאָהֳלֵי צַדִּיקִים: יְמִין ה' עֹשָׂה חָיִל, **יְמִין** ה' **רוֹמֵמָה, יְמִין** ה' **עֹשָׂה חָיִל. לֹא אָמוּת כִּי אֶחְיֶה,** וַאֲסַפֵּר מַעֲשֵׂי יָהּ. יַסֹּר יִסְּרַנִּי יָּהּ, וְלַמָּוֶת לֹא נְתָנָנִי. **פִּתְחוּ לִי שַׁעֲרֵי** צֶדֶק, אָבֹא בָם, אוֹדֶה יָהּ. זֶה הַשַּׁעַר לַיי, צַדִּיקִים יָבֹאוּ בוֹ.

אוֹדְךָ כִּי עֲנִיתָנִי וַתְּהִי לִי לִישׁוּעָה. אוֹדְךָ כִּי עֲנִיתָנִי וַתְּהִי לִי לִישׁוּעָה. אֶבֶן מָאֲסוּ הַבּוֹנִים הָיְתָה לְרֹאשׁ פִּנָּה. אֶבֶן מָאֲסוּ הַבּוֹנִים הָיְתָה לְרֹאשׁ פִּנָּה. מֵאֵת ה' הָיְתָה זֹּאת הִיא נִפְלָאת בְּעֵינֵינוּ. מֵאֵת ה' הָיְתָה זֹּאת הִיא נִפְלָאת בְּעֵינֵינוּ. זֶה הַיּוֹם עָשָׂה ה'. נָגִילָה וְנִשְׂמְחָה בוֹ. זֶה הַיּוֹם עָשָׂה ה'. נָגִילָה וְנִשְׂמְחָה בוֹ.

אָנָּא ה', הוֹשִׁיעָה נָּא. אָנָּא ה', הוֹשִׁיעָה נָּא.

אָנָּא ה', הַצְלִיחָה נָא. אָנָּא ה', הַצְלִיחָה נָא.

**בָּרוּךְ הַבָּא בְּשֵׁם** ה', בֵּרַכְנוּכֶם מִבֵּית ה'. בָּרוּךְ הַבָּא בְּשֵׁם ה', בֵּרַכְנוּכֶם מִבֵּית ה'. אֵל ה' וַיָּאֶר לָנוּ. אִסְרוּ חַג בַּעֲבֹתִים עַד קַרְנוֹת הַמִּזְבֵּחַ. אֵל ה' וַיָּאֶר לָנוּ. אִסְרוּ חַג בַּעֲבֹתִים עַד קַרְנוֹת הַמִּזְבֵּחַ. אֵלִי אַתָּה וְאוֹדֶךָּ, אֱלֹהַי – אֲרוֹמְמֶךָּ. אֵלִי אַתָּה וְאוֹדֶךָּ, אֱלֹהַי – אֲרוֹמְמֶךָּ. הוֹדוּ לַיי כִּי טוֹב, כִּי לְעוֹלָם חַסְדּוֹ. הוֹדוּ לַיי כִּי טוֹב, כִּי לְעוֹלָם חַסְדּוֹ.

יְהַלְלוּךָ ה' אֱלֹהֵינוּ כָּל מַעֲשֶׂיךָ, וַחֲסִידֶיךָ צַדִּיקִים עוֹשֵׂי רְצוֹנֶךָ, וְכָל עַמְּךָ בֵּית יִשְׂרָאֵל בְּרִנָּה יוֹדוּ וִיבָרְכוּ, וִישַׁבְּחוּ וִיפָאֲרוּ, וִירוֹמְמוּ וְיַעֲרִיצוּ, וְיַקְדִּישׁוּ וְיַמְלִיכוּ אֶת שִׁמְךָ, מַלְכֵּנוּ. כִּי לְךָ טוֹב לְהוֹדוֹת וּלְשִׁמְךָ נָאֶה לְזַמֵּר, כִּי מֵעוֹלָם וְעַד עוֹלָם אַתָּה אֵל.

דיזע לייט האָבען אויגען און זעהען **נישט**, ווי דער אַלטער ווערט אונטערגעבראָכען אונטער זייערע אָבגעטער, זיי **האָבען אויערן און הערען נישט**, ווי די שטורעם בלאָזט, האָבען מוחות און בעגרייפֿען נישט, דאָס די געטער מוזען פֿאַלען, ווי אַלע פֿריהערינע געמאַכטע געטער, און צוזאַמען **מיט** זיי וועלען אויך פֿאַלען **אַלע, וואָס פֿערטרויען אויף זיי** – אַלע, פֿאַר וועמען גאָלד און מיליטאַריזם איז די איינציגע הילף און שוץ.

**מן המצר** – פֿון דער ענגשאַפֿט, פֿון דער אונטערדריקונג, הויבען זיך פֿעלקער אויף, זיי קעמפֿען און ווערען פֿריי. זענען זיי נור אייניג, לאַז **האָבען זיי קיין מורא נישט. וואָס קאָן זיי ווער טהון?** ווען זיי העלפֿען זיך אַליין לאַז ציטערן דעספּאָטען! **עס איז בעסער**

**צו פֿערלאָזען זיך אויף** זיך אַליין, **אַלס צו פֿערלאָזען זיך אויף דעמאַגאָגען. עס** איז בעסער **צו שטיצען** זיך אַליין, **אַלס צו פֿערלאָזען זיך אויף אַריסטאָקראַטען.** לאָז לערנען יעצט **די פֿעלקער** און זיי קעמפֿען פֿאַר פֿרייהייט. **זייער שוץ און זייער פֿעסטונג. זייער מעכטיגער אָרעם איז הויך געהויבען, דער אָרעם** פֿון פֿעלקער טהוט וואונדער. **מיר ווילען נישט שטאַרבען. מיר ווילען לעבען** און געניסען פֿון אונזער אַרבייט! **עפֿענט** אונז שנעל **די טויערן** פֿון גליק, לאָמיר אויך דאָרט פֿערווײַלען! מיר זענען גענוג געפּייניגט געוואָרען. עס מוז ענדליך אויך קומען די רעטונג!

אַרבייטער, אויפֿגעוואַכט!
אַרבייטער, אויפֿגעוואַכט!
פּראָלעטאַריער, פֿאָרווערטס!
פּראָלעטאַריער, פֿאָרווערטס!

**ברוך הבא**, ווילקאָמען זייט יעדערער, **אין נאָמען פֿון** דער בעפֿרייאונג, ווער עס גיט אַ האַנד צו דער גוטער זאַך.

נעהט מיט דעם פֿאָרטשריט, **ער איז גוט!** זיין ווירקונג **דויערט** אייביג. **ער באַווייזט נאָר זעלטענע וואונדער,**

**פֿערשיעדענע** פֿאָרמען פֿון ענדערונג און ענטוויקלונג, וועלכע דו אַלמעכטיגער פֿאָרטשריט, ברענגסט הערפֿאָר!

זיין ווירקונג **דויערט אייביג. ער ברענגט ליכט** און דער פֿינסטערניש, זיין ווירקונג **דויערט אייביג.** ער צעבּרעכט די אייזערנע גראַטעס, זיין ווירקונג **דויערט אייביג. ער צעשמעטערט די דעספּאָטען,** זיין ווירקונג **דויערט אייביג.** און בעפֿרייט פֿון זיי די לענדער, זיין ווירקונג **דויערט אייביג. און פֿערטיילט דאָס לאַנד** צו פֿעלקער, זיין ווירקונג **דויערט אייביג.** צו פֿעלקער וואָס האָבען **לאַנג געליטען,** זיין ווירקונג **דויערט אייביג.** און גיט נאַהרונג צו אַלעמען גלייך – זיין ווירקונג **דויערט אייביג.**

**לויבט** דעם ערלעזער, דעם פֿאָרטשריט. זיין ווירקונג **דויערט אייביג. נשמת כל חי ורוח כל בשר,** דו ביזט די זעלע פֿון אַלעם וואָס לעבט, דער הויך פֿון אַלע לייבער! דורך דיר האַלט זיך אַלעם אין שטענדיגער

ענטוויקלונג, אין פֿאָרטוועהענדער ענדערונג, אין אייביגען גאַנג אויף דעם וועג צו דער פֿאָלקאָמענהייט. **דו האָסט קיין אָנפֿאַנג און האָסט קיין ענדע, דו בעהערשסט די נאַטור, די וועלט געהט נאָך דיינע געזעצען, אַלע ברואים געהען פֿאָרווערטס נאָך דיר! דו ביסט אימער דאָ און הערסט קיין מאָל ניט אויף! דו וועקסט אויף פֿון שלאָף** טוידטע אַטאָמען, שטעלסט זיי צוזאַמען צו לעבעדיגע מאַשינען, דו לאָזט זיי וואַקסען און געדייהען, און נאָכהער זיך ווידער אויפֿלעזען צו אונזיכטבאַרע אַטאָמען אין דעם וועלט-אַל!

**ווען אונזער מויל זאָל האָבען אַזוי פֿיעל רייד, ווי דער גרויסער ים וואַסער, און אונזער צונג ווערטער, ווי דער ים כוואַליעס און ווען אונזערע אויגען זאָלען אַלעם בעזעהען ווי די זון און די לבנה, וואָלטען מיר אויך ניט בעוויזען אויסצורעכענען איין מיליאָן-טייל פֿון די אַלע**

הוֹדוּ לַיְיָ **כִּי טוֹב כִּי לְעוֹלָם** חַסְדּוֹ. הוֹדוּ לֵאלֹהֵי הָאֱלֹהִים **כִּי לְעוֹלָם** חַסְדּוֹ. הוֹדוּ לַאֲדֹנֵי הָאֲדֹנִים **כִּי לְעוֹלָם** חַסְדּוֹ. **לְעֹשֵׂה נִפְלָאוֹת גְּדֹלוֹת לְבַדּוֹ כִּי לְעוֹלָם** חַסְדּוֹ. לְעֹשֵׂה הַשָּׁמַיִם בִּתְבוּנָה **כִּי לְעוֹלָם** חַסְדּוֹ. לְרוֹקַע הָאָרֶץ עַל הַמָּיִם **כִּי לְעוֹלָם** חַסְדּוֹ. **לְעֹשֵׂה אוֹרִים** גְּדֹלִים **כִּי לְעוֹלָם** חַסְדּוֹ. אֶת הַשֶּׁמֶשׁ לְמֶמְשֶׁלֶת בַּיּוֹם **כִּי לְעוֹלָם** חַסְדּוֹ. אֶת הַיָּרֵחַ וְכוֹכָבִים לְמֶמְשְׁלוֹת בַּלָּיְלָה **כִּי לְעוֹלָם** חַסְדּוֹ. לְמַכֵּה מִצְרַיִם בִּבְכוֹרֵיהֶם **כִּי לְעוֹלָם** חַסְדּוֹ. וַיּוֹצֵא יִשְׂרָאֵל מִתּוֹכָם **כִּי לְעוֹלָם** חַסְדּוֹ. בְּיָד חֲזָקָה וּבִזְרוֹעַ נְטוּיָה **כִּי לְעוֹלָם** חַסְדּוֹ. לְגֹזֵר יַם סוּף לִגְזָרִים **כִּי לְעוֹלָם** חַסְדּוֹ. וְהֶעֱבִיר יִשְׂרָאֵל בְּתוֹכוֹ **כִּי לְעוֹלָם** חַסְדּוֹ. וְנִעֵר פַּרְעֹה וְחֵילוֹ בְיַם סוּף **כִּי לְעוֹלָם** חַסְדּוֹ. לְמוֹלִיךְ עַמּוֹ בַּמִּדְבָּר **כִּי לְעוֹלָם** חַסְדּוֹ. **לְמַכֵּה מְלָכִים גְּדֹלִים כִּי לְעוֹלָם** חַסְדּוֹ. וַיַּהֲרֹג מְלָכִים אַדִּירִים **כִּי לְעוֹלָם** חַסְדּוֹ. לְסִיחוֹן מֶלֶךְ הָאֱמֹרִי **כִּי לְעוֹלָם** חַסְדּוֹ. וּלְעוֹג מֶלֶךְ הַבָּשָׁן **כִּי לְעוֹלָם** חַסְדּוֹ. **וְנָתַן אַרְצָם לְנַחֲלָה כִּי לְעוֹלָם** חַסְדּוֹ. נַחֲלָה לְיִשְׂרָאֵל עַבְדּוֹ **כִּי לְעוֹלָם** חַסְדּוֹ. **שֶׁבְּשִׁפְלֵנוּ** זָכַר לָנוּ **כִּי לְעוֹלָם** חַסְדּוֹ. וַיִּפְרְקֵנוּ מִצָּרֵינוּ **כִּי לְעוֹלָם** חַסְדּוֹ. **נֹתֵן לֶחֶם לְכָל בָּשָׂר כִּי לְעוֹלָם** חַסְדּוֹ. **הוֹדוּ** לְאֵל הַשָּׁמָיִם **כִּי לְעוֹלָם** חַסְדּוֹ.

**נִשְׁמַת כָּל חַי** תְּבָרֵךְ אֶת שִׁמְךָ, ה' אֱלֹהֵינוּ, **וְרוּחַ כָּל בָּשָׂר** תְּפָאֵר וּתְרוֹמֵם זִכְרְךָ, מַלְכֵּנוּ, תָּמִיד. **מִן הָעוֹלָם וְעַד הָעוֹלָם** אַתָּה אֵל, וּמִבַּלְעָדֶיךָ אֵין לָנוּ מֶלֶךְ גּוֹאֵל וּמוֹשִׁיעַ, פּוֹדֶה וּמַצִּיל וּמְפַרְנֵס וּמְרַחֵם בְּכָל עֵת צָרָה וְצוּקָה. אֵין לָנוּ מֶלֶךְ אֶלָּא אַתָּה.

לאָז זאָגען אַלע **גלידער און אונזער קערפּער,** לאָז זאָגט די **פֿענונפֿט** פֿון אונזער מוח, **און די צונג ביי אונז אין מויל,** און דו ביזט עס, גרויסער פֿאָרטשריט, וועלכער האָט דעם מענשען אַרויפֿגעפֿיהרט אויף דעם ריכטיגען געדאַנק, דאָס די מענשהייט דאַרף זיך ניט נעגענזייטיג בעקעמפֿען און פֿערצעהרען, זאָנדערען מיט פֿעראייניגטע קרעפֿטען זוכען איהר גליק אין די רייכע אוצרות פֿון דער נאַטור. **מציל עני מחזק ממנו, ועני ואביון מגוזלו,** דו רעטעסט דעם שוואַכען פֿון די קלאָהען פֿון דעם שטאַרקען און דעם פּראָלעטאַריאַט פֿון קאַפּיטאַל, וועלכער בעראַבעוועט איהם!

**אֱלֹהֵי הָרִאשׁוֹנִים וְהָאַחֲרוֹנִים, אֱלוֹהַּ כָּל בְּרִיּוֹת, אֲדוֹן כָּל תּוֹלָדוֹת,** הַמְהֻלָּל בְּרֹב הַתִּשְׁבָּחוֹת, **הַמְנַהֵג עוֹלָמוֹ** בְּחֶסֶד **וּבְרִיּוֹתָיו** בְּרַחֲמִים. וַיְיָ **לֹא יָנוּם וְלֹא יִישָׁן** – **הַמְעוֹרֵר יְשֵׁנִים וְהַמֵּקִיץ נִרְדָּמִים,** וְהַמֵּשִׂיחַ אִלְּמִים וְהַמַּתִּיר אֲסוּרִים וְהַסּוֹמֵךְ נוֹפְלִים וְהַזּוֹקֵף כְּפוּפִים. לְךָ לְבַדְּךָ אֲנַחְנוּ מוֹדִים. **אִלּוּ פִינוּ מָלֵא שִׁירָה כַּיָּם, וּלְשׁוֹנֵנוּ רִנָּה כַּהֲמוֹן גַּלָּיו,** וְשִׂפְתוֹתֵינוּ שֶׁבַח כְּמֶרְחֲבֵי רָקִיעַ, **וְעֵינֵינוּ מְאִירוֹת כַּשֶּׁמֶשׁ וְכַיָּרֵחַ,** וְיָדֵינוּ פְרוּשׂוֹת כְּנִשְׁרֵי שָׁמָיִם, וְרַגְלֵינוּ קַלּוֹת כָּאַיָּלוֹת – **אֵין אֲנַחְנוּ מַסְפִּיקִים** לְהוֹדוֹת לְךָ, ה' אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ, וּלְבָרֵךְ אֶת שִׁמְךָ **עַל אַחַת מֵאֶלֶף, אַלְפֵי אֲלָפִים וְרִבֵּי רְבָבוֹת פְּעָמִים** הַטּוֹבוֹת שֶׁעָשִׂיתָ עִם אֲבוֹתֵינוּ וְעִמָּנוּ. מִמִּצְרַיִם גְּאַלְתָּנוּ, ה' אֱלֹהֵינוּ, וּמִבֵּית עֲבָדִים פְּדִיתָנוּ, בְּרָעָב זַנְתָּנוּ וּבְשָׂבָע כִּלְכַּלְתָּנוּ, מֵחֶרֶב הִצַּלְתָּנוּ וּמִדֶּבֶר מִלַּטְתָּנוּ, וּמֵחֳלָיִם רָעִים וְנֶאֱמָנִים דִּלִּיתָנוּ. עַד הֵנָּה עֲזָרוּנוּ רַחֲמֶיךָ וְלֹא עֲזָבוּנוּ חֲסָדֶיךָ, וְאַל תִּטְּשֵׁנוּ, ה' אֱלֹהֵינוּ, לָנֶצַח. עַל **כֵּן אֵבָרִים** שֶׁפִּלַּגְתָּ בָּנוּ **וְרוּחַ וּנְשָׁמָה** שֶׁנָּפַחְתָּ בְּאַפֵּינוּ **וְלָשׁוֹן אֲשֶׁר** שַׂמְתָּ **בְּפִינוּ** – הֵן הֵם יוֹדוּ וִיבָרְכוּ וִישַׁבְּחוּ וִיפָאֲרוּ וִירוֹמְמוּ וְיַעֲרִיצוּ וְיַקְדִּישׁוּ וְיַמְלִיכוּ אֶת שִׁמְךָ מַלְכֵּנוּ. כִּי כָל פֶּה לְךָ יוֹדֶה, וְכָל לָשׁוֹן לְךָ תִשָּׁבַע, וְכָל בֶּרֶךְ לְךָ תִכְרַע, וְכָל קוֹמָה לְפָנֶיךָ תִשְׁתַּחֲוֶה, וְכָל לְבָבוֹת יִירָאוּךָ, וְכָל קֶרֶב וּכְלָיוֹת יְזַמְּרוּ לִשְׁמֶךָ. כַּדָּבָר שֶׁכָּתוּב, כָּל עַצְמֹתַי תֹּאמַרְנָה, ה' מִי כָמוֹךָ **מַצִּיל עָנִי מֵחָזָק מִמֶּנּוּ וְעָנִי וְאֶבְיוֹן מִגֹּזְלוֹ.** מִי יִדְמֶה לָּךְ וּמִי יִשְׁוֶה לָּךְ וּמִי יַעֲרָךְ לָךְ הָאֵל הַגָּדוֹל, הַגִּבּוֹר וְהַנּוֹרָא, אֵל עֶלְיוֹן, קֹנֵה שָׁמַיִם וָאָרֶץ. נְהַלֶּלְךָ וּנְשַׁבֵּחֲךָ וּנְפָאֶרְךָ וּנְבָרֵךְ אֶת שֵׁם קָדְשֶׁךָ, כָּאָמוּר: לְדָוִד, בָּרְכִי נַפְשִׁי אֶת ה' וְכָל קְרָבַי אֶת שֵׁם קָדְשׁוֹ. הָאֵל בְּתַעֲצֻמוֹת עֻזֶּךָ, הַגָּדוֹל בִּכְבוֹד שְׁמֶךָ, הַגִּבּוֹר לָנֶצַח וְהַנּוֹרָא בְּנוֹרְאוֹתֶיךָ, הַמֶּלֶךְ הַיּוֹשֵׁב עַל כִּסֵּא רָם וְנִשָּׂא. שׁוֹכֵן עַד מָרוֹם וְקָדוֹשׁ שְׁמוֹ. וְכָתוּב: רַנְּנוּ צַדִּיקִים בַּיְיָ, לַיְשָׁרִים נָאוָה תְהִלָּה. בְּפִי יְשָׁרִים תִּתְהַלָּל, וּבְדִבְרֵי צַדִּיקִים תִּתְבָּרַךְ, וּבִלְשׁוֹן חֲסִידִים תִּתְרוֹמָם, וּבְקֶרֶב קְדוֹשִׁים תִּתְקַדָּשׁ. וּבְמַקְהֲלוֹת רִבְבוֹת עַמְּךָ בֵּית יִשְׂרָאֵל בְּרִנָּה יִתְפָּאַר שִׁמְךָ, מַלְכֵּנוּ, בְּכָל דּוֹר וָדוֹר, שֶׁכֵּן חוֹבַת כָּל הַיְצוּרִים לְפָנֶיךָ, ה' אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ, לְהוֹדוֹת לְהַלֵּל לְשַׁבֵּחַ, לְפָאֵר לְרוֹמֵם לְהַדֵּר לְבָרֵךְ, לְעַלֵּה וּלְקַלֵּס עַל כָּל דִּבְרֵי שִׁירוֹת וְתִשְׁבְּחוֹת דָּוִד בֶּן יִשַׁי עַבְדְּךָ מְשִׁיחֶךָ. יִשְׁתַּבַּח שִׁמְךָ לָעַד מַלְכֵּנוּ, הָאֵל הַמֶּלֶךְ הַגָּדוֹל וְהַקָּדוֹשׁ בַּשָּׁמַיִם וּבָאָרֶץ, כִּי לְךָ נָאֶה, ה' אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ, שִׁיר וּשְׁבָחָה, הַלֵּל וְזִמְרָה, עֹז וּמֶמְשָׁלָה, נֶצַח, גְּדֻלָּה וּגְבוּרָה, תְּהִלָּה וְתִפְאֶרֶת, קְדֻשָּׁה וּמַלְכוּת, בְּרָכוֹת וְהוֹדָאוֹת מֵעַתָּה וְעַד עוֹלָם. בָּרוּךְ אַתָּה ה', אֵל מֶלֶךְ גָּדוֹל בַּתִּשְׁבָּחוֹת, אֵל הַהוֹדָאוֹת, אֲדוֹן הַנִּפְלָאוֹת, הַבּוֹחֵר בְּשִׁירֵי זִמְרָה, מֶלֶךְ אֵל חֵי הָעוֹלָמִים.

**ובכן ויהי בחצות לילה.** (די רעוואָלוציאָנערע ווירקונג האָט נישט אויפֿגעהערט אין דער פֿינסטערער נאַכט). **אז רוב נסים הפלאת בלילה**, פֿיעל וואונדער האָסטו בעוויזען, גרויסער פֿאָרטשריט, דורך די פֿינסטערע נעכט, דורך די נאַכט פֿון תוהו-ובוהו האָסטו אַרויסגעצויבערט אַ וועלט. דורך די נאַכט, וועלכע האָט געהערשט אין קאָפּ פֿון דעם אורמענשען האָסטו אַרויסגעצויבערט פֿערנונפֿט און ליכט, דורך דער נאַכט פֿון אַלטערטום האָסטו הערפֿאָרגעבראַכט ציוויליזאַציע און וויסענשאַפֿט, דורך די נעכט פֿון קנעכטשאַפֿט און פֿעלקער-מאָרד האָסטו הערפֿאָרגערופֿען די רעטערין, די רעוואָלוציע! **קרב יום אשר הוא לא יום ולא לילה**, עס נעהנטערט זיך איצטער אַ טאָג, אַ שרעקליכער טאָג, אין וועלכען טאָג מיט נאַכט וועלען קעמפֿען פֿירכטערליך, און פֿון דער איצטיגער קאַפּיטאַליסטישער שקלאַפֿעריי וועט דער אונערמיליכער פֿאָרטשריט בעשאַפֿען די פֿרייהייט פֿון די אַרבייטענדע מאַסען!

**ובכן ואמרתם זבח פסח.**
און דאַן נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע וועט מען זאָגען, אַז דער געגענזייטיגער מענשען-מאָרד האָט אויפֿגעהערט. **אומץ גבורותיו** – זיינע הערשאַפֿט וועט דאָס אַרבייטער פֿאָלק אויסשפּרייטען איבער אַלעם, וואָס מאַכט דאָס לעבען ווערט צו לעבען.

**כי לו נאה, כי לו יאה.** ווייל פֿאַר איהם פּאַסט עס, איהם געהערט עס. **אדיר במלוכה**, מעכטיג אין דער פֿערוואַלטונג פֿון אַלגעמיינעם וואוילשטאַנד; **בחור כהלכה**, געוועהלט ווי עס געהערט צו זיין, דורך דעם אַלגעמיינעם ווילען פֿון פֿאָלק, וועלען די ריכטיגע פֿערטרעטער פֿון פֿאָלק רעגולירען אַלע געשעפֿטען פֿון דעם פֿאָלק. **גדודיו יאמרו לו**, די גרויסע מאַסען וועלען זאָגען זייער פֿערוואַלטונג **לך כי לך, לך אף לך**, לך הממלכה, **כי לו נאה כי לו יאה!** דעם פֿאָלק געהערט עס, פֿאַר דעם פֿאָלק פּאַסט עס!



**נִרְצָה.** חֲסַל סִדּוּר פֶּסַח כְּהִלְכָתוֹ, כְּכָל מִשְׁפָּטוֹ וְחֻקָּתוֹ. כַּאֲשֶׁר זָכִינוּ לְסַדֵּר אוֹתוֹ כֵּן נִזְכֶּה לַעֲשׂוֹתוֹ. זָךְ שׁוֹכֵן מְעוֹנָה, קוֹמֵם קְהַל עֲדַת מִי מָנָה. בְּקָרוֹב נַהֵל נִטְעֵי כַנָּה פְּדוּיִם לְצִיּוֹן בְּרִנָּה. לְשָׁנָה הַבָּאָה בִּירוּשָׁלָיִם.

**וּבְכֵן וַיְהִי בַּחֲצִי הַלַּיְלָה. אָז רוֹב נִסִּים הִפְלֵאתָ בַּלַּיְלָה,** בְּרֹאשׁ אַשְׁמוֹרֶת זֶה הַלַּיְלָה. גֵּר צֶדֶק נִצַּחְתּוֹ כְּנֶחֱלַק לוֹ לַיְלָה, וַיְהִי בַּחֲצִי הַלַּיְלָה. דַּנְתָּ מֶלֶךְ גְּרָר בַּחֲלוֹם הַלַּיְלָה, הִפְחַדְתָּ אֲרַמִּי בְּאֶמֶשׁ לַיְלָה. וַיָּשַׂר יִשְׂרָאֵל לְמַלְאָךְ וַיּוּכַל לוֹ לַיְלָה, וַיְהִי בַּחֲצִי הַלַּיְלָה. זֶרַע בְּכוֹרֵי פַתְרוֹס מָחַצְתָּ בַּחֲצִי הַלַּיְלָה, חֵילָם לֹא מָצְאוּ בְּקוּמָם בַּלַּיְלָה, טִיסַת נְגִיד חֲרֹשֶׁת סִלִּיתָ בְכוֹכְבֵי לַיְלָה, וַיְהִי בַּחֲצִי הַלַּיְלָה. יָעַץ מְחָרֵף לְנוֹפֵף אִוּוּי, הוֹבַשְׁתָּ פְגָרָיו בַּלַּיְלָה, כָּרַע בֵּל וּמַצָּבוֹ בְּאִישׁוֹן לַיְלָה, לְאִישׁ חֲמוּדוֹת נִגְלָה רָז חֲזוֹת לַיְלָה, וַיְהִי בַּחֲצִי הַלַּיְלָה. מִשְׁתַּכֵּר בִּכְלֵי קֹדֶשׁ נֶהֱרַג בּוֹ בַּלַּיְלָה, נוֹשַׁע מִבּוֹר אֲרָיוֹת פּוֹתֵר בִּעֲתוּתֵי לַיְלָה, שִׂנְאָה נָטַר אֲגָגִי וְכָתַב סְפָרִים בַּלַּיְלָה, וַיְהִי בַּחֲצִי הַלַּיְלָה. עוֹרַרְתָּ נִצְחֲךָ עָלָיו בְּנֶדֶד שְׁנַת לַיְלָה. פּוּרָה תִדְרוֹךְ לְשׁוֹמֵר מַה מִּלַּיְלָה, צָרַח כַּשּׁוֹמֵר וְשָׂח אָתָא בֹקֶר וְגַם לַיְלָה, וַיְהִי בַּחֲצִי הַלַּיְלָה. **קָרֵב יוֹם אֲשֶׁר הוּא לֹא יוֹם וְלֹא לַיְלָה,** רָם הוֹדַע כִּי לְךָ הַיּוֹם אַף לְךָ הַלַּיְלָה, שׁוֹמְרִים הַפְקֵד לְעִירְךָ כָּל הַיּוֹם וְכָל הַלַּיְלָה, תָּאִיר כְּאוֹר יוֹם חֶשְׁכַּת לַיְלָה, וַיְהִי בַּחֲצִי הַלַּיְלָה. **וּבְכֵן וַאֲמַרְתֶּם זֶבַח פֶּסַח. אֹמֶץ גְּבוּרוֹתֶיךָ** הִפְלֵאתָ בַּפֶּסַח, בְּרֹאשׁ כָּל מוֹעֲדוֹת נִשֵּׂאתָ פֶּסַח. גִּלִּיתָ לְאֶזְרָחִי חֲצוֹת לֵיל פֶּסַח, וַאֲמַרְתֶּם זֶבַח פֶּסַח. דְּלָתָיו דָּפַקְתָּ כְּחֹם הַיּוֹם בַּפֶּסַח, הִסְעִיד נוֹצְצִים עֻגוֹת מַצּוֹת בַּפֶּסַח, וְאֶל הַבָּקָר רָץ זֵכֶר לְשׁוֹר עֵרֶךְ פֶּסַח, וַאֲמַרְתֶּם זֶבַח פֶּסַח. זוֹעֲמוּ סְדוֹמִים וְלוֹהֲטוּ בָּאֵשׁ בַּפֶּסַח, חֻלַּץ לוֹט מֵהֶם וּמַצּוֹת אָפָה בְּקֵץ פֶּסַח, טִאטֵאתָ אַדְמַת מוֹף וְנוֹף בְּעָבְרְךָ בַּפֶּסַח. וַאֲמַרְתֶּם זֶבַח פֶּסַח. יָהּ רֹאשׁ כָּל הוֹן מָחַצְתָּ בְּלֵיל שִׁמּוּר פֶּסַח, כַּבִּיר, עַל בֵּן בְּכוֹר פָּסַחְתָּ בְּדַם פֶּסַח, לְבִלְתִּי תֵּת מַשְׁחִית לָבֹא בִּפְתָחַי בַּפֶּסַח, וַאֲמַרְתֶּם זֶבַח פֶּסַח. מְסֻגֶּרֶת סֻגָּרָה בְּעִתּוֹתֵי פֶּסַח, נִשְׁמְדָה מִדְיָן בִּצְלִיל שְׂעוֹרֵי עֹמֶר פֶּסַח, שׂוֹרְפוּ מִשְׁמַנֵּי פּוּל וְלוּד בִּיקַד יְקוֹד פֶּסַח, וַאֲמַרְתֶּם זֶבַח פֶּסַח. עוֹד הַיּוֹם בְּנֹב לַעֲמוֹד עַד גָּעָה עוֹנַת פֶּסַח, פַּס יַד כָּתְבָה לְקַעֲקֵעַ צוּל בַּפֶּסַח, צָפֹה הַצָּפִית עָרוֹךְ הַשֻּׁלְחָן בַּפֶּסַח, וַאֲמַרְתֶּם זֶבַח פֶּסַח. קָהָל כִּנְּסָה הֲדַסָּה לְשַׁלֵּשׁ צוֹם בַּפֶּסַח, רֹאשׁ מִבֵּית רָשָׁע מָחַצְתָּ בְּעֵץ חֲמִשִּׁים בַּפֶּסַח, שְׁתֵּי אֵלֶּה רֶגַע תָּבִיא לְעוּצִית בַּפֶּסַח, תָּעֹז יָדְךָ תָּרוּם יְמִינְךָ כְּלֵיל הִתְקַדֵּשׁ חַג פֶּסַח, וַאֲמַרְתֶּם זֶבַח פֶּסַח.

**כִּי לוֹ נָאֶה, כִּי לוֹ יָאֶה. אַדִּיר בִּמְלוּכָה, בָּחוּר כַּהֲלָכָה, גְּדוּדָיו יֹאמְרוּ לוֹ:** לְךָ וּלְךָ, **לְךָ כִּי לְךָ, לְךָ אַף לְךָ,** לְךָ ה' הַמַּמְלָכָה, **כִּי לוֹ נָאֶה, כִּי לוֹ יָאֶה.** דָּגוּל בִּמְלוּכָה, הָדוּר כַּהֲלָכָה, וָתִיקָיו יֹאמְרוּ לוֹ: לְךָ וּלְךָ, לְךָ כִּי לְךָ, לְךָ אַף לְךָ, לְךָ ה' הַמַּמְלָכָה, כִּי לוֹ נָאֶה, כִּי לוֹ יָאֶה. זַכַּאי בִּמְלוּכָה, חָסִין כַּהֲלָכָה טַפְסְרָיו יֹאמְרוּ לוֹ: לְךָ וּלְךָ, לְךָ כִּי לְךָ, לְךָ אַף לְךָ, לְךָ ה' הַמַּמְלָכָה, כִּי לוֹ נָאֶה, כִּי לוֹ יָאֶה. יָחִיד בִּמְלוּכָה, כַּבִּיר כַּהֲלָכָה לִמּוּדָיו יֹאמְרוּ לוֹ: לְךָ וּלְךָ, לְךָ כִּי לְךָ, לְךָ אַף לְךָ, לְךָ ה' הַמַּמְלָכָה, כִּי לוֹ נָאֶה, כִּי לוֹ יָאֶה. מוֹשֵׁל בִּמְלוּכָה, נוֹרָא כַּהֲלָכָה סְבִיבָיו יֹאמְרוּ לוֹ: לְךָ וּלְךָ, לְךָ כִּי לְךָ, לְךָ אַף לְךָ, לְךָ ה' הַמַּמְלָכָה, כִּי לוֹ נָאֶה, כִּי לוֹ יָאֶה. עָנָיו בִּמְלוּכָה, פּוֹדֶה כַּהֲלָכָה, צַדִּיקָיו יֹאמְרוּ לוֹ: לְךָ וּלְךָ, לְךָ כִּי לְךָ, לְךָ אַף לְךָ, לְךָ ה' הַמַּמְלָכָה, כִּי לוֹ נָאֶה, כִּי לוֹ יָאֶה. קָדוֹשׁ בִּמְלוּכָה, רַחוּם כַּהֲלָכָה שִׁנְאַנָּיו יֹאמְרוּ לוֹ: לְךָ וּלְךָ, לְךָ כִּי לְךָ, לְךָ אַף לְךָ, לְךָ ה' הַמַּמְלָכָה, כִּי לוֹ נָאֶה, כִּי לוֹ יָאֶה. תַּקִּיף בִּמְלוּכָה, תּוֹמֵךְ כַּהֲלָכָה תְּמִימָיו יֹאמְרוּ לוֹ: לְךָ וּלְךָ, לְךָ כִּי לְךָ, לְךָ אַף לְךָ, לְךָ ה' הַמַּמְלָכָה, כִּי לוֹ נָאֶה, כִּי לוֹ יָאֶה.

**אַדִּיר הוּא.** אַדִּיר הוּא יִבְנֶה בֵּיתוֹ בְּקָרוֹב. בִּמְהֵרָה, בִּמְהֵרָה, בְּיָמֵינוּ בְּקָרוֹב. אֵל בְּנֵה, אֵל בְּנֵה, בְּנֵה בֵּיתְךָ בְּקָרוֹב. בָּחוּר הוּא, גָּדוֹל הוּא, דָּגוּל הוּא יִבְנֶה בֵּיתוֹ בְּקָרוֹב. בִּמְהֵרָה, בִּמְהֵרָה, בְּיָמֵינוּ בְּקָרוֹב. אֵל בְּנֵה, אֵל בְּנֵה, בְּנֵה בֵּיתְךָ בְּקָרוֹב. הָדוּר הוּא, וָתִיק הוּא, זַכַּאי הוּא יִבְנֶה בֵּיתוֹ בְּקָרוֹב. בִּמְהֵרָה, בִּמְהֵרָה, בְּיָמֵינוּ בְּקָרוֹב. אֵל בְּנֵה, אֵל בְּנֵה, בְּנֵה בֵּיתְךָ בְּקָרוֹב. חָסִיד הוּא, טָהוֹר הוּא, יָחִיד הוּא יִבְנֶה בֵּיתוֹ בְּקָרוֹב. בִּמְהֵרָה, בִּמְהֵרָה, בְּיָמֵינוּ בְּקָרוֹב. אֵל בְּנֵה, אֵל בְּנֵה, בְּנֵה בֵּיתְךָ בְּקָרוֹב. כַּבִּיר הוּא, לָמוּד הוּא, מֶלֶךְ הוּא יִבְנֶה בֵּיתוֹ בְּקָרוֹב. בִּמְהֵרָה, בִּמְהֵרָה, בְּיָמֵינוּ בְּקָרוֹב. אֵל בְּנֵה, אֵל בְּנֵה, בְּנֵה בֵּיתְךָ בְּקָרוֹב. נוֹרָא הוּא, סַגִּיב הוּא, עִזּוּז הוּא יִבְנֶה בֵּיתוֹ בְּקָרוֹב. בִּמְהֵרָה, בִּמְהֵרָה, בְּיָמֵינוּ בְּקָרוֹב. אֵל בְּנֵה, אֵל בְּנֵה, בְּנֵה בֵּיתְךָ בְּקָרוֹב. פּוֹדֶה הוּא, צַדִּיק הוּא, קָדוֹשׁ הוּא יִבְנֶה בֵּיתוֹ בְּקָרוֹב. בִּמְהֵרָה, בִּמְהֵרָה, בְּיָמֵינוּ בְּקָרוֹב. אֵל בְּנֵה, אֵל בְּנֵה, בְּנֵה בֵּיתְךָ בְּקָרוֹב. רַחוּם הוּא, שַׁדַּי הוּא, תַּקִּיף הוּא יִבְנֶה בֵּיתוֹ בְּקָרוֹב. בִּמְהֵרָה, בִּמְהֵרָה, בְּיָמֵינוּ בְּקָרוֹב. אֵל בְּנֵה, אֵל בְּנֵה, בְּנֵה בֵּיתְךָ בְּקָרוֹב.

**אחד מי יודע. איינס ווער ווייסט? איינס ווייס איך:** איין מענשהייט איז דאָ אויף דער וועלט. **צוויי ווער ווייסט? צוויי ווייס איך:** אויף צוויי טיילען איז די מענשהייט געטיילט: אָרים און רייך. **דריי ווער ווייסט? דריי ווייס איך:** קריסטליכע דריי-איינינקייט פֿערפֿינסטערט די וועלט. **פֿיער ווער ווייסט? פֿיער ווייס איך:** קאַפּיטאַליזם, מיליטאַריזם, רעליגיע און רעגירונג פֿערקנעכטען דעם אַרבייטער-קלאַס. **פֿינף ווער ווייסט? פֿינף ווייס איך:** אַלע **פֿינף** וועלט-טיילען בעהערשט דאָס קאַפּיטאַל. **זעקס ווער ווייסט? זעקס ווייס איך: זעקס** טאָג אין דער וואָך ווערט דער אַרבייטער פֿערשוואַרצט. **זיבען ווער ווייסט? זיבען ווייס איך:**

זיבען **טאָג** יום-טוב אין וואָך צעהלט דער גביר. **אַכט ווער ווייסט? אַכט ווייס איך:** פֿון אַכט טאָג **אַ יינגעלע ליידט** שוין פֿון רעליגיאָן. **ניין ווער ווייסט? ניין ווייס איך:** ניין מאָנאַט אוס צו אַרבייטען – דריי מאָנאַט ביז'ן טוידט. **צעהן ווער ווייסט? צעהן ווייס איך:** פֿון צעהן געבאָט איז געוואָרען אַ תּרי"ג. **עלף ווער ווייסט? עלף ווייס איך:** עלף ברידער-העלדער קאָנען נור רבנים און בטלנים פֿערגלייכען מיט **עלף** שטערען. **צוועלף ווער ווייסט? צוועלף ווייס איך:** צוועלף לעכער איז דאָ אין אַ טוץ בייגעל, און דאָס איז כנגד די **צוועלף** שבטים. **דרייצעהן ווער ווייסט? דרייצעהן ווייס איך:** אויף **דרייצעהן** טויזענד כפרות טויג די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפֿטסאָרדנונג!

**חד עובדיה – איין אַרבייטער.** חד עובדיה, חד עובדיה – איין אַרבייטער, **דזבין** – וועלכען האָט געקויפֿט, **אבא** מסטרא – מיין טאַטע דער מייסטער, **בתרי זוזי** – פֿאַר צוויי גולדען, **חד** עובדיה, **חד** עובדיה. **ואתא** – און ער איז געקומען, בטלן – אַ ליידיג-געהער, **ואכל** און ער האָט פֿערדרענגט דעם אַרבייטער וועמען מיין טאַטע דער מייסטער האָט געקויפֿט פֿאַר צוויי גולדען – **חד** עובדיה, **חד** עובדיה. **ואתא** חנוָני – און איז געקומען דער קרעמער און האָט אַרויסגעשטופט דעם ליידיג-געהער, וואָס האָט פֿערדרענגט דעם אַרבייטער, וועמען מיין טאַטע דער מייסטער האָט געקויפֿט פֿאַר צוויי גולדען – **חד** עובדיה, **חד** עובדיה. **ואתא** מלוה – און איז געקומען דער וואוכערער און האָט איינגעשלונגען דעם קרעמער, וואָס האָט אַרויסגעשטופט דעם ליידיג-געהער, וואָס האָט פֿערדרענגט דעם אַרבייטער, וועמען מיין טאַטע דער מייסטער האָט געקויפֿט פֿאַר צוויי גולדען – **חד** עובדיה, **חד** עובדיה. **ואתא** בנקירא – און איז געקומען דער באַנקיר און האָט אויפֿגעפֿרעסען דעם וואוכערער, וואָס האָט איינגעשלונגען דעם קרעמער, וואָס האָט אַרויסגעשטופט דעם ליידיג-געהער, וואָס האָט פֿערדרענגט דעם אַרבייטער, וועמען מיין טאַטע דער מייסטער האָט געקויפֿט פֿאַר צוויי גולדען – **חד** עובדיה, **חד** עובדיה. **ואתא** בנקרוטא – און איז געקומען אַ באַנקראָט און האָט פֿערניכטעט דעם באַנקיר, וואָס האָט אויפֿגעפֿרעסען דעם וואוכערער... **חד** עובדיה, **חד** עובדיה. **ואתא** קריזיתא – און איז געקומען אַ קריזיס און האָט פֿערברענט דעם באַנקראָט, וואָס האָט פֿערניכטעט דעם באַנקיר... **חד** עובדיה, **חד** עובדיה. **ואתא** הריוולוציא הגדולה – און איז געקומען די סאָציאַלע רעוואָלוציע און האָט געקוילעט דעם קריזיס... **חד** עובדיה, **חד** עובדיה. **ואתא** הסאָציאַליזם **ברוך הוא** – און איז געקומען דער סאָציאַליזם – געבענטשט זאָל ער זיין – און האָט געמאַכט אַ סוף צו דער רעוואָלוציע, וואָס האָט געקוילעט דעם קריזיס, וואָס [האָט] פֿערברענט דעם באַנקראָט, וואָס האָט פֿערניכטעט דעם באַנקיר, וואָס האָט אויפֿגעפֿרעסען דעם וואוכערער, וואָס האָט איינגעשלונגען דעם קרעמער, וואָס האָט אַרויסגעשטופט דעם ליידיג-געהער, וואָס האָט פֿערדרענגט דעם אַרבייטער, וועמען מיין טאַטע דער מייסטער האָט געקויפֿט פֿאַר צוויי גולדען – **חד** עובדיה, **חד** עובדיה.



פירושים זענען מעהר נישט נויטיג און ווער ס'פֿערשטעהט נישט, דעם וועט שוין גאָר נישט העלפֿען.

ובכן ובא לעולם הסאָציאַליזם הגואל במהרה בימינו אָמן!



**אֶחָד מִי יוֹדֵעַ. אֶחָד מִי יוֹדֵעַ? אֶחָד אֲנִי יוֹדֵעַ: אֶחָד** אֱלֹהֵינוּ שֶׁבַּשָּׁמַיִם וּבָאָרֶץ. **שְׁנַיִם מִי יוֹדֵעַ? שְׁנַיִם אֲנִי יוֹדֵעַ: שְׁנֵי** לֻחוֹת הַבְּרִית... **שְׁלֹשָׁה מִי יוֹדֵעַ? שְׁלֹשָׁה אֲנִי יוֹדֵעַ: שְׁלֹשָׁה** אָבוֹת... **אַרְבַּע מִי יוֹדֵעַ? אַרְבַּע אֲנִי יוֹדֵעַ:** אַרְבַּע אִמָּהוֹת... **חֲמִשָּׁה מִי יוֹדֵעַ? חֲמִשָּׁה אֲנִי יוֹדֵעַ: חֲמִשָּׁה** חוּמְשֵׁי תוֹרָה... **שִׁשָּׁה מִי יוֹדֵעַ? שִׁשָּׁה אֲנִי יוֹדֵעַ: שִׁשָּׁה** סִדְרֵי מִשְׁנָה... **שִׁבְעָה מִי יוֹדֵעַ? שִׁבְעָה אֲנִי יוֹדֵעַ: שִׁבְעָה יְמֵי** שַׁבַּתָּא... **שְׁמוֹנָה מִי יוֹדֵעַ? שְׁמוֹנָה אֲנִי יוֹדֵעַ: שְׁמוֹנָה יְמֵי מִילָה... תִּשְׁעָה מִי יוֹדֵעַ? תִּשְׁעָה אֲנִי יוֹדֵעַ: תִּשְׁעָה יַרְחֵי** לֵדָה... **עֲשָׂרָה מִי יוֹדֵעַ? עֲשָׂרָה אֲנִי יוֹדֵעַ: עֲשָׂרָה דִבְּרַיָּא... אַחַד עָשָׂר מִי יוֹדֵעַ? אַחַד עָשָׂר אֲנִי יוֹדֵעַ: אַחַד עָשָׂר כּוֹכְבַיָּא... שְׁנֵים עָשָׂר מִי יוֹדֵעַ? שְׁנֵים עָשָׂר אֲנִי יוֹדֵעַ: שְׁנֵים עָשָׂר שִׁבְטַיָּא... שְׁלֹשָׁה עָשָׂר מִי יוֹדֵעַ? שְׁלֹשָׁה עָשָׂר אֲנִי יוֹדֵעַ: שְׁלֹשָׁה עָשָׂר** מִדַּיָּא...

**חַד גַּדְיָא.** חַד גַּדְיָא, **חַד** גַּדְיָא **דְּזַבִּין אַבָּא בִּתְרֵי זוּזֵי,** חַד גַּדְיָא, **חַד** גַּדְיָא. **וְאָתָא** שׁוּנְרָא **וְאָכְלָה** לְגַדְיָא, דְּזַבִּין אַבָּא בִּתְרֵי זוּזֵי. **חַד** גַּדְיָא, **חַד** גַּדְיָא. **וְאָתָא** כַלְבָּא וְנָשַׁךְ לְשׁוּנְרָא, דְּאָכְלָה לְגַדְיָא, דְּזַבִּין אַבָּא בִּתְרֵי זוּזֵי. **חַד** גַּדְיָא, **חַד** גַּדְיָא. **וְאָתָא** חוּטְרָא וְהִכָּה לְכַלְבָּא, דְּנָשַׁךְ לְשׁוּנְרָא, דְּאָכְלָה לְגַדְיָא, דְּזַבִּין אַבָּא בִּתְרֵי זוּזֵי. **חַד** גַּדְיָא, **חַד** גַּדְיָא. **וְאָתָא** נוּרָא וְשָׂרַף לְחוּטְרָא, דְּהִכָּה לְכַלְבָּא, דְּנָשַׁךְ לְשׁוּנְרָא, דְּאָכְלָה לְגַדְיָא, דְּזַבִּין אַבָּא בִּתְרֵי זוּזֵי. **חַד** גַּדְיָא, **חַד** גַּדְיָא. **וְאָתָא** מַיָּא וְכָבָה לְנוּרָא, דְּשָׂרַף לְחוּטְרָא, דְּהִכָּה לְכַלְבָּא, דְּנָשַׁךְ לְשׁוּנְרָא, דְּאָכְלָה לְגַדְיָא, דְּזַבִּין אַבָּא בִּתְרֵי זוּזֵי. **חַד** גַּדְיָא, **חַד** גַּדְיָא. **וְאָתָא** תוֹרָא וְשָׁתָה לְמַיָּא, דְּכָבָה לְנוּרָא, דְּשָׂרַף לְחוּטְרָא, דְּהִכָּה לְכַלְבָּא, דְּנָשַׁךְ לְשׁוּנְרָא, דְּאָכְלָה לְגַדְיָא, דְּזַבִּין אַבָּא בִּתְרֵי זוּזֵי. **חַד** גַּדְיָא, **חַד** גַּדְיָא. **וְאָתָא** הַשּׁוֹחֵט וְשָׁחַט לְתוֹרָא, דְּשָׁתָה לְמַיָּא, דְּכָבָה לְנוּרָא, דְּשָׂרַף לְחוּטְרָא, דְּהִכָּה לְכַלְבָּא, דְּנָשַׁךְ לְשׁוּנְרָא, דְּאָכְלָה לְגַדְיָא, דְּזַבִּין אַבָּא בִּתְרֵי זוּזֵי. **חַד** גַּדְיָא, **חַד** גַּדְיָא. **וְאָתָא** מַלְאַךְ הַמָּוֶת וְשָׁחַט לְשׁוֹחֵט, דְּשָׁחַט לְתוֹרָא, דְּשָׁתָה לְמַיָּא, דְּכָבָה לְנוּרָא, דְּשָׂרַף לְחוּטְרָא, דְּהִכָּה לְכַלְבָּא, דְּנָשַׁךְ לְשׁוּנְרָא, דְּאָכְלָה לְגַדְיָא, דְּזַבִּין אַבָּא בִּתְרֵי זוּזֵי. **חַד** גַּדְיָא, **חַד** גַּדְיָא. **וְאָתָא** הַקָּדוֹשׁ **בָּרוּךְ הוּא** וְשָׁחַט לְמַלְאַךְ הַמָּוֶת, דְּשָׁחַט לְשׁוֹחֵט, דְּשָׁחַט לְתוֹרָא, דְּשָׁתָה לְמַיָּא, דְּכָבָה לְנוּרָא, דְּשָׂרַף לְחוּטְרָא, דְּהִכָּה לְכַלְבָּא, דְּנָשַׁךְ לְשׁוּנְרָא, דְּאָכְלָה לְגַדְיָא, דְּזַבִּין אַבָּא בִּתְרֵי זוּזֵי. **חַד** גַּדְיָא, **חַד** גַּדְיָא.